בעריש ווײַנשטײַן

# אין
# בא המלכס
# גיטער

פּאָעמע

פארלאג
י.ל.פרץ
ביבליאטעק
תל-אביב, ישראל
1960

בעריש ווײַנשטײַן / אין דוד המלכס גיטער — פּאָעמע
פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, תל־אביב

*Published by I. L. Peretz Library*
31, *Allenby str., Tel Aviv, Israel*

הויפּטפאַרקויף אין אַמעריקע: ציק״אָ ביכער־צענטראַלע
25 E., 48 Str., New York 21

BERISH WEINSTEIN

IN DUVID HAMEILECHS GITER — POEM

דערשײַנט אין 1000 עקזעמפּלאַרן



נדפס בישראל
Printed in Israel 1960

דפוס „אורלי״, יסוד המעלה 27, ת״א, טל. 32062

## מ ל כ ה׳ ן

מיט דער פּאָעמע „אין דוד המלכס גיטער״, שליסט זיך די עפּאָפּיי פון דעם י י נ ג ל, וואָס האָט געוואַנדערט דורך „ריישע״, דורך „אַמעריקע״ צום לאַנד פון אברהם אבינוס „לך־לך״, צום לאַנד פון עקדת יצחק און פון יעקבס חלום, ווו ער האָט דער־קענט די ו ו אָ ר פון דוד המלכס גיטער.

די פאַרחלומטע בענקשאַפט האָט פון קינדווייז אָן אין מיר איינגעפלאַנצט די באָבע חנהלע, וועמעס געשטאַלט עס גייט מיר נאָך עד היום און וועמעס תהילים־טרערן האָבן אויף מיר געלאָזט אַ טיפע השפּעה.

זאָל די דאָזיקע פּאָעמע בלייבן ווי אַ זכר פון דער באָבע חנהלע פאַר אירע אור־אייניקלעך, די צוויי זין מיינע: משה-נפתלי און אברהם.

א.

ווי גאָט וואָלט אים אָנגענומען ביַי דער האַנט,
איז ס׳ייִנגל אַריַין אין דער באָבע חנהלעס לאַנד.
אין זכות פון אירע אויסגעבעטענע נײַנציק יאָר
זיך צו קאָלערן קיין ארץ־ישׂראל,
איז ער קיין כנען אַריַין אויף דער וואָר.
מיטן הארץ און האָפּערדיקע טרערן
פון חנהלעס ברכי־נפשידיקן שטערן,
איז ער דאָ אין יענעם חלום אַרומגעגאַנגען.
עס איז אים נאָכגעגאַנגען איר אומעטיקער טײַטש־חומש
מיט אַלע „מענטשלעך״ פון אדם וחוה אין גן־עדן,
אַלע לייענענדיקע מעשׂהס פון קין און הבל;
נחם תיבה מיט די בהמות און עופות;
די שיכורע שאַנד פאַרשטעלט פון שם ויפת;
נמרוד וואָס האָט דעם טורעם אָנגעהויבן בויען;
אברהם ושׂרה וואָס זענען אַרוים מיט זייערע קעמלען.
נאָר ווען אברהם האָט מציל געווען לוטן
און ווען יצחק האָט געבענטשט יעקבן,
דעמאָלט האָבן חנהלעס טרערן אויפגעהערט
און די קינדער פון ישׂראל האָבן זיך געמערט
מיט: אַלדאָס בייז פון אונדזער הויז,
מיט: אַלדאָס גוטס אין אונדזער הויז,
מיט אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד, אָמן!

ב.

אין זכות פון אירע אויסגעדאַוונטע רויטע אויגן,
זעגלט ס'ייִנגל איצט אַרײַן אין חנהלעס לאַנד.
די הימלען איבער אים שווימען גרינג און הויך
און אויפן וואַסער שוימט אַ שוועבלדיקער רויך.
דער ים־התיכון שלאָגט די זינקענדיקע בערג,
וואָס ווייקן נאָך דאָ ווי פון גאָטס מבול.
אין די נביאימס טעג זענען זיי פאַרשאָלטן געוואָרן
צו שפּאַרן פון זיך אייביקן פײַער און צאָרן.

ווייסט נישט, צי ס'האַרץ איז שווער, צי גרינג.
ווייסט בלויז, אַז די זעגלדיקע שיף זינגט
איבער דער ברייט און לענג פון שלײמיקן ים,
וואָס טראָגט דיך ווי דורך גרינעם פלאַם.
בעטסט: גיך זאָלן די טעג אַוועק, די נעכט;
זאָלסט אויף אַן אמת זען די קעמלען, די אייזלען;
די הויכע קרוגן אויף די אַקסלען פון רות און נעמי —
בײַ דעם איז דער רבי תמיד אויסגעוואַקסן אַ בייזער,
ווי עפּעס אַן אָנגעיאָגטער פון פײַערדיקן מדבר.

וואָס וועט זיך באַווייזן פאַר דיר אין חנהלעס לאַנד?
ווער וועט דיך דאָ פירן בײַ דער האַנט?
— בראשית!
ס'וועט אויף דיר אַ פלייץ טאָן דער ויהי אור
און וועסט בלײַבן אַ פאַרבליצטער ווי פון לייש,
ווי אין די טעג פון עמוד־הענן, עמוד־האש.
וועסט דיך לאָזן פירן ווי פון חדר־לאַמטערן
דורך אַלע שווערע ווינטערדיקע סדרות.
נאָר ס'האַרץ דײַנס וועט נישט קלאַפּן פון שרעק
און וועסט אַ זיכערער קומען אין שטוב צוריק.

ג.

מען זאָגט: אין ארץ־ישׂראל איז דער הימל בלוי.
מען זאָגט: די בערג און די פֿאַסטעכער זענען גרוי —
און איך וויל אַזאַ הימל, אַזעלכע בערג זען;
הערן די סוחרים און די קונים אויף יענע מערק
מיט די שווימענדיקע לייטענע קרוגן אויף די קעפּ
אונטער דער פֿאַרשטײַפטער זון.
מען ווײנט אין אויסגעגראָבענע שטיבער
מיט אייזלען, קעמלען און געזינדער.
אין ארץ־ישׂראל איז דער הימל בלוי.

מיטן חלום טראָג דיך, ייִנגל, אויפֿן ים־התיכון
און זאָלן די וואַסערן צו יענער יבשה זיך רײַסן;
זיך אויפשוימען, זיך שטאַרקן און זיך הייבן!
נאָר דיך זאָלן זיי אַרײַנפֿירן גאַנץ אין לאַנד
און גיין זאָלסטו ווו גאָט וועט דיר ווײַזן.
און דאָרט?
דאָרט, וועט ער דיך מאַכן פֿאַר אַ גרויס פֿאָלק
און דיך בענטשן און גרויסן דײַן נאָמען
און מיט דיר באַנאַנד —
אַלע משפּחות פֿון דער ערד!
וועסט אַרויס מיט אַלע נפֿשות פֿון חרן
אַרײַנצוגיין אין לאַנד כנען,
ווי עס האָט לך־לך צו דיר גערעדט.

ד.

ס׳איז וואָר! ס׳איז וואָר!
אָ, הר־הכרמל, הר־הכרמל —

אַ פֿאַרגלייזטע טרער שטייט אין אויג
ביי דער דאָזיקער שורה איצט!
שאַרסט אָפּ פֿון זיך דעם מזרחדיקן טוי
און ארץ-ישׂראל הייבט זיך אָן פֿאַר דיר אַזוי:

פֿון דיר אַליין ווערט ווי מיטאַמאָל אַ שטיין.
זינקסטו ווי דער אַנקער אין באָרטן אַריין —
און עס איז וואָר און עס איז וואָר!
דער זעלבער הר-הכרמל ווי אויף די בשׂמים-ביקסלעך;
ווי אויף די הילצערנע טאָוולען פֿון אשכנזער סידורלעך.
די בערגיקע זייטן גליִען — פֿונעם מזרח,
די בערגיקע זייטן בריִען — פֿונעם מערב,
און דורות
ווי אליהו הנביא ברענגט צו דער כרמלדיקער הייך
דעם אויפֿגעציטערטן וויין פֿון „שפֿוך"...

ה.

ביסט איבער ימען און לענדער געפֿאָרן.
אין מאַרסעי און אין גענוא געבענקט
נאָכן באָרטן פֿון זבולון לחוף...
און איצט, אין גרינעם חיפֿהדיקן ים,
שטייסטו מיט יענעם יִינגלישן פּלאַן,
ווען מען האָט חלוצים צו דער באַן באַגלייט;
ווי אויף אייביק מיט טאַטע-מאַמע זיך געשיידט
און מ'האָט זיך באַשוווירן תמיד אַהיים צו שרייבן.
סאַנע, וואָס איז עד היום אין ארץ-ישׂראל פֿאַרבליבן,
האָט ביטערע בריוו פֿון „פּאַלעסטינע" געשריבן.

דאָ, אויפֿן חיפֿהער ברעג זענען זיי דעמאָלט אַראָפּ
די איבערגעוואַקסענע יונגען פֿון משה אַריהס חדר.

רק זיי האָבן זיך צו דער וועלט געריסן
און איבער גריבערדיקע גרענעצן געלאָזט —
אַט די שטעטלדיקע יונגען, די שטעטלדיקע מיידן.
דער לוסט און דאָס בלוט איז געווען דערביי.
פרומע בייזע טאַטעס האָבן זייערע זין געשאָלטן
למאַי זיי זענען פרעך פון דער היים אַנטלאָפן;
די בערד זיך געגומען גאָלן, די תפילין פאַרוואָרפן;
די שטיבער אויף הפקר געלאָזט פאַרן עמק־יזרעאל.

איצט, ווּ זענען זיי, יענע פון ציון־ס לוסט?
ווּ זענען זיי, די אַנטבלויזטע העמדער?
ווּ זענען זיי, די ערדענע פּנימער
מיט די מגן־דודס אין די קלאַפּן איינגעשטעקט?
אָ, ווּ זענען זיי, יענע וואָס האָבן ווי יאַשמין געבליט
מיט אַ סטודענטישן פּויליש, מיט חלוצימדיקן לשון־קודש?
ווּ זענען יענע בלומען אויפן שטאָלצן לאַץ
אין די ווייַס־בלויע זונטיקס פון קרן־היסוד?
להתראות!

זיי זענען דאָ און זענען שוין גראָ
און רוישן אין דער פריִער חיפהדיקער שעה.
די אַנקערס — וואָס לאָזן זיך אַרויף און אַראָפּ,
דאָס זענען זיי!
די סחורות — וואָס שמעקן פון אייַזן און פאָרצעליי,
דאָס זענען זיי!
די אָפּגעטראָגענע פלוישנדיקע שיפן אין האַלבן וואַסער,
דאָס זענען זיי!
ניין, די צענאָגלטע האַרטע האָריקע הענט,
זענען נישט די, וואָס יצחק האָט דערקענט!
זיי זענען יעקבס —

און נישט אין חלום
און נישט די מלאכים,
נאָר ז י י קלעטערן אויף די מאַטראָסישע מאַסטן.

ג.

ווייך און בלוי און גרין ווערן דײַנע אויגן;
ווערט דער הימל, דער אויסגעשטערנטער באָרטן.
שווימסט ווי דער מערב צום רויטן הר־הכרמל
און אַ טויִקע טרער רינט־אָפּ פון דיר שטיל.
ווייסט נישט פאַרוואָס חיפה ווערט פון חלום שענער;
ווערט פון מאַרסעי, פון גענוא, פון נעאַפּאָל העלער.
אַלע שײַבלדיקע פײַערלעך שווײַגן אַרום
און ס׳וואַכט איבער זיי דער דרום פון פאַרנאַכט,
ס׳וואַכט איבער זיי דער צפון פון בײַנאַכט.
מיטן אויפגייענדיקן מזרח קומען שיפן ייִדן דאָ אָן
לאָזן די אויסגעדזויערטע טרער.

ווי גאָט וואָלט אַלעמען דאָ אויפגעזאַמלט,
שטייט מען מיט פאַרבריטן ציטער
אין וואַסערדיקן טאָל ביי אליהו־הנביאס באַרג.
ווען נישט די ימען וואָס האָבן זייערע שיפן
אָנשטאָט קיין ארץ־ישׂראל —
אין ווײַטע פרעמדע לענדער פאַרטראָגן,
וואָלטן זיי פון לאַנג דאָ געווען אויף דער וואָר.
איצט זענען זיי ווי ס׳ייִנגל פון חלום אַהער געקומען
פון אַלע ווײַטע זיבן זונען.

ז.

ווי קיין גושן ציט מען אריין אין וואָרן לאַנד
צו די ווײַסע שטעט אויף שטעכיקן זאַמד.
אין ציטרוסן, אין איילבירטן בליִען זיי;
אין בריִענדיקן שטויב — און ווערן נישט פאַרבריט;
אונטערן צעהיצטן הימל — און ווערן נישט פאַרגליט.
אָנגעטרונקען ווערן זיי מיטן טל־ומטרדיקן טעם
פון די פאַרקילטע נעכט אין כנען.

די, מיט בענקשאַפט פון דורות
ציִען קיין טבריה.
די פון ראָזשינקעס און מאַנדלען —
ציִען האַנדלען.
אין חיפה מישט זיך דער מסחר אין קאָפּ
און ס׳ראָיעט דער ישׂשׂכרדיקער פּראַכט
ביז אין דער אויסגעשטערנטער גרינער נאַכט.

גייסט ווי איבער דעכער — אויפן הר־הכרמל,
און ווײַס און פלאַך זענען אירע מילך־מויערן.
אין שוימיקן לייש שטייען די חיפהדיקע ווײַטן
און דינער אויסגעשפּרייט ווערן אירע האַפנם;
אירע סקלאַדן פון געווירץ און בשׂמים. —
שטריק פון געפלאָכטענעם פלאַקס,
שמעקן דאָ ווי הבדלהדיקער וואַקס.

אַזוי ווי דו זעסט עס צעוואָרפן
מיטן טאָליקן וואַסערדיקן באָרטן —
אַזוי ווי דו זעסט עס אויפגעשפּיצט
מיט די אויפגעקלעטערטע בערג —
אַזוי ווי דו זעסט עס אויסגעהאַקט

מיט די שטיקער דעכער און מויערן,
אַזוי האָבן עס געבויט די פון ווײַטן אַמאָל.
מיט באָרוועסן האַב- און-גוטס,
האָבן זיי זיך דאָ איינגעגראָבן;
מיט יונגן כוח און שאַרפע העק,
האָבן זיי וואַסער פון בערג געשלאָגן.
מיט שטיינער אויף הויטיקע אַקסלען,
האָבן זיי הערצלס ציון אויסגעטראָגן.
אַזוי זענען זיי געקומען ארץ-ישׂראל אַרבן,
פון דורשטיקע ווינטן גרייט געווען צו שטאַרבן.

ח.

און ערב אָוונט?
פונעם באָרטן שווימען רויכן אין פאַרנאַכט
און ס׳רוישן טרעגערס, סקלאַדן מיט פראַכט.
שפּיליטער ראָיען אין קוילנדיקן שוואַרצן פראָך
און מאַכן פול די האַפנדיקע וואָך.

און בײַנאַכט?
בײַנאַכט ווערט חיפה אָוונטיק ווי אויסלאַנד
און ס׳בלויט דער הר-הכרמל אויפן הימל.
די שטערן איבער איר זענען שטענדיק ווייך;
זענען תמיד שטיל, גרוים און בלאָ —
דער זבולון לחוף הימים הייבט זיך אָן דאָ.
אַהער זענען זיי דאָס געקומען בלײַבן
די אַמאָליקע יונגען פון דער באַלדעכאָווקע;
די אַמאָליקע שומרים און שומרותקעס,
וואָס האָבן אויף דער טשענסטאָכאָווער ערד
זיך געלערנט נאָכגיין דעם אַקער נאָכן פערד.

אויפֿן בלויזן אַקסל האָט ער די זון געטראָגן ;
מיט בראַנדיקן שווייס דאָס פֿעלד געגראָבן.

ט.

אויפֿן הר־הכרמל צו שטיין,
דאָס אַליין —
איז ווערט געוועזן דורות געוויין!
דאָס אַליין —
קאָן רירן אַ האַרץ ווי אַ שטיין!
נישט נאָר די הויכע ווײַט,
פֿון די נביאים ראשונים,
פֿון די נביאים אחרונים —
זעסטו אויפֿן שטאַפּלדיקן כרמל־באַרג.

פֿילסט דעם רבינס וזאת־הברכה
מיטן פֿאַרביסענעם קאַנטשוק ;
דעם רבינס שופֿטים פֿון תמוז־פֿאַרנאַכט,
ווען די יִינגלעך האָבן זיך אָפּגעריסן מיט כעס
למאי, ר׳האָט זיי באָדן נישט געלאָזט גיין צום טײַך ;
נישט אַהיים געלאָזט זיי מיטן גלאַגאָווערס חדר גלײַך.
די אָנגעגליטע עפּל ווען הײַנט זיכערער בלִיען
און דעם „אַגראַדניקס" הונט ווערט געמיטלעך רוען,
ווייל ס׳מוזן די יִינגלעך היינט „שופֿטים" לערנען
אויפֿן הר־הכרמל פֿאַרנאַכט.

י.

און איצט?
איצט, נאָך יאָרן פֿון גלִיענדיקע זאַמדן,

נאָך יאָרן פון ואני בבואי מפּדן ארם,
נאָך יאָרן פון פאַרגעלטן וועג קיין בית לחם —
האָב איך יענע ייִנגלעך פון שופטימדיקן תמוז,
דאָ געטראָפן אין פאַרעלטערטע טאַטעס.
מיט יעדע פון זיי זענען מעשׂהס זיך פאַרלאָפן.
טייל זענען אין האַלבן שיטערן ליים געשטאַנען,
טייל האָבן פון בערג שטרעקעס געשניטן פאַר באַנען —
און אויפן געלעגער ביינאַכט געבענקט צוזאַמען
נאָך אַ שטוב, נאָך אַ שוועסטער, נאָך אַ מאַמען.
ווער אין אַמעריקע, צי אין אַרגענטינע,
איז אַזעלכעס אויסגעשטאַנען ווי זיי אין „פּאַלעסטינע״?
נישט לייכט איז זיי געווען צו לעבן אין שרעק
מיט אַ שטענדיק מעסער הינטערן העמד פאַרשטעקט
פאַר אימה פון „טויזנט און איין נאַכט״!

יא.

נישט קיין איילבירטן, פייגן און טייטלען —
די ערד זענען זיי געקומען אַהער רייסן!
אין באָרטנס האָבן זיי דעם ים אויסגעשפּרייט,
אין גרינע ווינטן די שיפן געלאָזט!
סמאַליען טאַקע איצט געשמאַק די האַפנס
און פון די וואַסערן ציט קילער אייזנבעטאָן.
דאָס און נאָך
האָבן די יונגעוואַטע טאַטעס געטאָן;
אויף זייערע אָפּגעדריקטע אַקסלען זעט מען עס אָן.

אין דער היים —
וואָלטן זיי שלאָסערס, מויערערס נישט געווען.
אַזעלכעס איז פאַר אַ יחוסדיק ייִנגל געווען אַ שאַנד.

און גראַד אַזעלכע האָבן געבויט דאָס לאַנד;
האָבן רערן איינגעשניטן אין זאַמד
און וואַסערן אויפגעשלאָגן פאַר שאָף און רינדער.
בײַטאָג האָט מען פעלדזן, בערג אויפגעריסן,
בײַנאַכט — זיך געטיילט מיטן טרוקענעם ביסן.

פרישע און זינגעוודיקע פון שיפן און לענדער,
איז מען אַהער געקומען אין חלוצימדיקע העמדער —
און מיט שווערע הענט און האַרטע רוקנס,
זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן זאַמד פון כנען —
און דאָ וועלן זיי בלײַבן, דאָ וועלן זיי זײַן:
„מיין לאַנד קאָנסטו לײַכט דערקענען,
דאָרט שטייט דער הויכער הר־ציון
און לבנון ווי די צעדער זענען,
און כרמל ווי די רויזן בליִען...״

דאָ וועט מען בלײַבן, דאָ וועט מען רוען!

יב.

ביסט אין דיין אייגן לאַנד, יִינגל!
געדענקסט דאָך די סדרה ויצא,
ווי יעקב איז אַרויסגעגאַנגען פון באר־שבע
און אויפן וועג קיין חרן געטראָפן אַן אָרט?
דאָרט איז גאָט איבער אים געשטאַנען און געזאָגט:
„דיר וועל איך געבן דאָס לאַנד ווו דו ליגסט,
און וועל מיט דיר זיין, דיך היטן ווו וועסט גיין"...
אַזוי ביסטו אַרוים אויף די וועגן פון חומש
און אין קאָפּ האָבן זיך די סדרות געמישט.
וואָרים ווי אַנדערש גייט מען פון חדר קיין ארץ־ישׂראל?

ער גייט דאָך נישט פון אַמעריקעס רידזש און פּיט!
ר'קומט דאָך נישט פון יענעם פאַרבענקטן פאַרנאַכט,
ווו די זון פאַרגייט פון דער איסט־סאַיד
צו דער שטעטלדיקער ווייַט!
ר'קומט איצט פון חנהלעס נחלת־צבייִקער שויב;
פון איר פרומען, קאַרגן שבת־אויבס.
ער גייט פון ר' שמואל מלמדס רויטער באָרד;
פונעם מאַרק מיט האָרכנדיקע יִידן אין אַ ראָד,
וואָס היצן זיך און קאָכן זיך אויף קהל
און האָבן בטחון אין ארץ־ישׂראל.

און נאָר פון דאָרט גייט דאָס יִינגל איצט
אויפן מילכוועג צו דער תל־אביבער שטאָט.

אַ דינער טוי שפּרייעט איבער די ווייכע שטראָזן,
איבער צעגראַבליעטע גריבער, איבער געלע גראָזן.
פון ליים און שטרוי שטייען אויסגעקנאָטענע שטיבער
און איבער זיי לײַכטן פּערלדיקע שנירלעך שטערן,
ווי ווײַטע פײַערלעך איבער פאַרזונקענע מויערן
און ציִען דיך אַריין אין טיפן אָוונטיקן ווערן.
מען פירט דיך לענג-אויס בײַם ימיקן זאַמד
און מען זאָגט דיר: יינגל, דאָס איז דײַן לאַנד!
און דו? — דו פאַרגינסט זיך נישט עס צו זען מיטאַמאָל,
מאַכסטו ביסלעכווײַז אַ ברכה איבער ארץ-ישׂראל.

יג.

איטלעכעס מאָל בליצט אויף אַ שטיקל ים;
אַ זילבער וואָס פאַרשווענקט די ברעגן סתם.
פאָרסט פאַרבײַ שטיקער בערג, שטיקער ווײַטן;
שיטערלעכע קיבוצים אין טונקעלע טאָליקע אַמאָלן —
זכרון יעקב, פּרדס חנה,
נתניה און רעננה.
און וואָס זענען יענע קעסטלדיקע קאַלעך-מויערן,
וואָס נישט דו צו זיי — נאָר זיי צו דיר פאָרן?
דאָס, יינגל, זענען ווײַסלדיקע שטיקלעך תל-אביב!

אַהער האָט יעדער חלוץ אַ פּיצל שטעטל געבראַכט.
דאָ האָבן שומרים מיט חזק-ואמץ געהיט די נאַכט.
אַ זאַמדיקער בלויז איז דעמאָלט תל-אביב געווען.
דער שׂפת-הים האָט ווי נאָך אַ שטורעם אויסגעזען.
איצט, תל-אביב, ביסטו ווי אַלע ליכטיקע שטעט
מיט שפּאַצירנדיקן רויש און לײַכטן פרויען-לוסט.
אויף העלע בולוואַרן אין פאַרשוימטעביימער,

קלינגען טראָטואַרדיקע קאַפּעען.
מיט דײַן אלף-בית — יִינגל — לײַכטן די שילדן.

יד.

וואָס פאַר אַ כוח האָט דאָ אַלעמען אויפגעזאַמלט?
וואָס פאַר אַ הענט האָבן דאָ די מויערן אויפגעשטעלט?
וואָס פאַר אַ אַקסלען האָבן די שטיינער דאָ געטראָגן,
גאַסן געפּלאַסטערט, אַספאַלט געגאָסן?
ווער האָט זיי שטעט געלערנט בויען, אַקערס נאָכגיין;
מאַכן אַ לאַנד פון בלויזן זאַמד?
גאָט האָט זיי אַהער גערופן אַ פאָלק צו זײַן!
אויף די זאַמדן פון הערצלס חלום און וואָר,
איז מען געקומען מיט בינטלעך גריוועס האָר.
דאָס שלאָגנדיקע בלוט אין די געזיכטער
האָט געגעבן בטחון אויסצושטיין דעם מדבר,
שיפן האָבן זיי פון לבנהס, פון זונען געברענגט
און זיי צעוואָרפן איבער טאָלן און בערג
מיט לאַפּעטעס כוח, מיט אַקסלדיקע העק.
דאָרט, ווו ס'איז דער חלום שיין געוועז,
האָט מען היימלעכע היימען געלאָזט
מיט היימישע געבעקסן, אויפגעפרישטע געלעגערס,
און מאַמעס, וואָס האָבן נעכט איבער דיר געוואַכט.
און דאָ? — דאָ האָט מען געטראָפן אַ הימל מיט שטערן;
אָנגעגליטע ווינטן און רויטע האָריזאָנטן.
איצט זע,
וואָס די יונגען פון „בלוט און מילך" האָבן דאָ אָפּגעטאָן!

ווי עס זאָל דאָס שטערבן נישט געווען זײַן אַהער —
ווי עס זאָל ציון נישט האָבן געגליט אין דיר —

דאָך זענען אומעטיק געווען דאָ די ערשטע נעכט.
וואָר, ס'האָבן דיר זיידעס פון דיין לאַנד דערציילט!
האָט מען עס אָבער אַנדערש דאָ געטראָפן.
געדענקסטו, סאַנע, ווי שיין עס איז געווען אַזעלכעס אין דער
הגדה„

שענער נאָך אין געזאַנג פון שיר השירים?
ווען?
פסח, אין שטייַפן אָנצוג מיטן קראָכמאַליעטן העמד;
אין נייַעם בריסטל, אין זייַדענעם כאַלאַט;
אין חסידישן פליוש, אין סאַמעטענעם קראַוואַט;
אַ ווינטערדיקן זמן האָסטו אויף דעם געוואַרט.

טו.

ד'ערנאָך האָסטו דיך דערוואַרטן נישט געקאָנט,
ביסט קיין ארץ-ישׂראל אַוועק כמעט אין העמד.
ביסט אַרייַן אין געיעג צו זען די וועלט.
ווער ס'איז קיין קעלן, קיין אַנטווערפּן אַוועק —
ווער ס'איז קיין אַמעריקע, קיין בראַזיליע אַוועק —
דו, סאַנע, ביסט מיט שלאמען אַוועק קיין „פּאַלעסטינע".
געווען זענט איר ראַזעווע יונגען מיט שטאַרקע הענט;
נישט געוווסט אפילו וואָס אַזוינס אין אייַך ברענט.
סתם-אַזוי, צו ווערן „סאַמעוואָלצעס" אויף דער פרייַ,
איז די היים צו פאַרלאָזן געווען לייכט פאַר זיי.

אָ, ווי ס'האָט דעמאָלט יונג פון זיי געזונגען
„די זענזוכט נאָך ציון"
אויפן שפּאַציר צווישן רייַפן ווייץ און קאָרן!
טרויעריק-שיין איז פאַר זיי געוואָרן ארץ-ישׂראל,
דעם לעצטן שבת פאַרן פאָרן.

דאָס נמאסע שטעטל איז געוואָרן נאָענט מיטאַמאָל.
שווער געווען זיך צעשיידן, שווערער צו פאַרבלײַבן.
פאַרהאַרטעווע דיך האַרץ ווי אַ שטיין,
זאָלסט אַ טרער נישט לאָזן ביים צוג.
ווען עס וועט אַן עלטערע שוועסטער דיך באַגלייטן
מיט רויטע אויגן, מיט גלעזערנע טרערן.
און דו? — יאָ, דו וועסט בעטן:
ס'זאָל די באַן זיך אַ ריר טאָן געשווינד;
די טיכלעך זאָלן ווערן דין ווי דער ווינט.

טז.

רק מ'האָט זיך אויף דער באַן פאַרזונגען
מיט „שיין זענען די נעכט אין כנען".
פעלדער און טעלעגראַף־שטאַנגען פאָרן צוריק,
נאָר די יינגלעך נעבעך מוזן פאָרן אַוועק.
למאַי נאַרן, מ'האָט עפּעס אָנגעהויבן פילן די שרעק.
וואָרים לײַכט דורך „קאַטאָוויץ" זיך צו שוואַרצן
איז געווען ווען מ'איז געשטאַנען אין מאַרק,
און מ'איז אויף באַרימערײַ נישט געווען קאַרג,
און מ'איז מיט אַ פאַרביסענער שטרוי אַהיים אויף „וואָרימס".
איצט אָבער, ווען מען גענענט צו דער אימהדיקער שעה,
ווי ס'שטעלט זיך דיר אַ באַיאָנעט אין געזיכט,
בלויז צו טראַכטן דערפון ווערסטו פאַרבליצט.
ביסט מעת־לעתן מײַלן שוין פון דער היים.
אַ האַלבע בענקשאַפט איז פון דיר שוין אַוועק.
געבליבן איז דיר בלויז די פרעמד;
די שפּראַך וואָס האָסט נישט געקענט.
די פאַרבײַפאָרנדיקע גרויסע שטעט,
האָבן נאָך ווי ס'איז געוועקט אין דיר לוסט.

אָבער אין מאַרסעי, דאָ
האָט מען זיך אויפסניַי אין דעם ליד געטראָפן:
„מיר הויבן די הענט קעגן מזרח און שווערן
ביי ציון, איר פאָן, ביי איר הייליקער ערד...".

יז.

פון אַלע הילכיקע געזאַנגען אין האַפן,
איז געווען די פעסטע שבועה פון הויכן מוט.
נישט דאָס אַליין האָט זיי אויפגעזאַמלט דאָ!
עס האָבן זיי אַהערגעשיקט די מאַיאָווע פעלדער;
דער בלוינער בעז, די שאָטנדיקע קאַשטאַן-ביימער;
די וויַים-בלויע „אויספליגע" פון שטעטלדיקע פאַראיינען;
די פלייַסיקע „פאַרטראַגן": הערצל, נאָרדוי, אחד-העם;
די העברעיִשע געזאַנגען וואָס האָבן זיך געטראָגן בקול-רם.
אויפן שיף — ווי איין מענטש, ווי איין קול, ווי איין פויסט,
ציט מען אָפּ פון מאַרסעי צעהיצט און אַנטבלויזט.
עס דרייען זיך די וואַסערן, ס'דרייען זיך די פלאַכן
און דין ווי די וויַיט ווערן זייערע געזאַנגען;
ווערן די באָרטנדיקע שטערן וואָס שווימען נאָך.
פאָרסט — ביסט גרייט אויף מעת-לעתן ים.
פאָרסט — ביסט גרייט אויף מעת-לעתן שוים.
פאָרסט — האַלסט אין אויג די טרער קוים.
פאָרסט — עס רוקט זיך אָפּ פון דיר דער צפון.
פאָרסט — און אַלע אין דער היים איצט שלאָפן.

יח.

אַ חלוץ טאָר נישט בענקען, נישט באַדויערן —
אַ חלוץ טאָר נישט אַרויסוויַיזן קיין טרויערן. —

האַלט דיך ראַזעווע ווי דעמאָלט אין דער היים,
ווען האָסט דיך געלערנט אויף ערד און ליים
צו ווערן פאַרהאַרטעוועט אָן אַ היים.
וואָס אַ שטייגער וואָלט געפּעלט אַ סראָלטשע וואַקס
צי אַ סאַנע האָרניק פון די זאַטע בודעם?
דאָרט וואָלטן זיי געווען מיט „לייטן" גלייך;
געשאַלטעוועט איבערן טאַטנס קרעטשמע,
געפירט דעם טאַטנס לעדער-קראָם.
האָט מען זיך אָבער אַרייַנגענומען „פּאַלעסטינע אין קאָפּ".
און איצט אויפן שיף דאָ, קוק זיי נאָר אָן,
ווי זיי גייען דאָס ווי פאַרוואָגלט אָנגעטאָן!
טרוקן די קליידער און טרוקן די האָר,
אַפּנים זיי מיינען ארץ-ישׂראל אויף דער וואָר.

יט.

ערגיץ וואַרט מען מסתמא אויף אַ ליכטיקן בריוו פון אַ זון.
ס'איז אים נישט ניחא געווען ס'היימישע געלעגער!
איצט איז אים שוין בעסער? — אפשר!
אָבער וואָס איז דאָ אַהיים צו שרייַבן?
אַז מען וווינט אין צעשטעלטע געצעלטן.
און טאַקע, וואָס דאַרפן טאַטע-מאַמע וויסן,
אַז אין קיבוץ טיילט מען זיך מיטן ביסן;
אַז מען שלאָפט אַדורך די וואַכעדיקע שרעק
מיט אַ בליציק מעסער אין רימען איינגעשטעקט?
טאַקע, ווען איז ביטער — דעם וואָס וואַרט אויף בריוו,
צי דעם וואָס נעכטיקט אין אַ נאַכטיקער הייל טיף?

עס האָט דאָך יעקב אויך געטראָפן אַן אָרט,
ווו ער האָט גענעכטיקט זייַן שלאָף דאָרט,

ווי עס האָט אים די זון אַליין געלאָזט!
האָט דאָך טאַקע „ויצא" געלערנט נעכטיקן אויף שטיינער;
נישט צו שרעקן זיך ווען מען בלײַבט איינער!
וואָר, ס'לײַכטן אויגנדיקע פײַערלעך פון שאַקאַלן
און יאָמערן ווי ווינטן פון זאַמדיקן געוויקס —
נו, האַלט מען דעם אָטעם, אין האַנט די ביקס.
אַזעלכעס האָט מען נאָך אין דער היים געקענט,
ווען מ'האָט געקלעטערט אויף יענעמס בוים;
פון פריצס הונט האָט זיך געשטרעקט דאָס בילן
און ס'קאַרשנדיקע רײַסן האָט זיך געמוזט שטילן.
די זון איז געבליבן אין מערב שטיין,
ווען ס'ייִנגל איז אויפן ענגנדיקן צווייג געבליבן אַליין.
פון אַלע אויסגעפּרוּווטע מוראס און געפאַרן,
איז מען געקומען די אבותדיקע ערד אַרבן,
נישטאָ קיין שענערס ווי פאַר אַזעלכעס צו שטאַרבן!

כ.

במעט אַלע נאַכט,
וואַרפט זיך אַן אַנדערער אין פיבער, אין קעלט.
די קליידער, דאָס לײַב ווערט געל, רויט
מיט אָנגעגליטן טויט.
אפשר ווײַל מ'איז אויף דער דורשטיקער זון געוועזן;
ווײַל עפּעס האָט געזויגן די הויט, דאָס בלוט?
אָדער ווײַל ס'האָט דער שוויס אויפן שטערן געפרעסט
און די היץ האָט די אויגן פאַרגאָסן?
דערנאָך, וואָס איז דאָ די נפקא־מינה?
מ'איז דאָך געקומען צו זײַן גרייט פאַר אַלץ!
דאַרויף האָט מען דאָך מיט קלינגענדיקע לידער
די לעצטע אומעטיקע פעלדער פאַרלאָזט.

אוודאי — האָקן זיך שטיינער נישט אַליין,
פאַרשיטן זיך זומפּן נישט אַליין,
שנײַדן זיך בערג נישט אַליין,
פלאַסטערן זיך וועגן נישט אַליין,
בויט זיך נישט פון זאַמד אַ לאַנד אַליין!

אַרויסצוגיין מיטן פאַרטאָג ביסטו געקומען!
אַרויסצוגיין מיטן בינטל לאָפּעטעס ביסטו געקומען!
אַרויסצוגיין מיט לאָגלען וואַסער ביסטו געקומען!
אַרויסצוגיין ביז די רויטע בערג ביסטו געקומען!
אומצוקערן זיך אין ווייכן אָוונט ביסטו געקומען!

כא.

טרערן הערט מען נישט —
טרערן שעמען זיך נישט —
וויין זשע דיך אוים, סאַנע!
סײַוווי שלאָפן איצט אַלע ווי די שטיינער;
אַחוץ גאָט — הערט דיך איצט נישט קיינער.
ווייסט דאָך, סאַנע
אַזעלכעס נישט שרײַבן אַ מאַמען?

„הערצלעכע עלטערן,
זײַט נישט באַזאָרגט וועגן מיר, אײַער קינד.
איך בין פריש און געזונט און אַרבעט לײַכט.
איך פאַרדין זיך אַליין אויף עסן, אויף קליידן
און ס׳איז מיר בעסער ווי דעמאָלט זיך בײַם שיידן,
ווען איר האָט מיך באַוויינט כ׳זאָל פאַרבלײַבן.
כ׳קאָן נישט זאָגן, אַז ס׳גיט זיך מיר נישט אַ בענק
ווי עס טרעפט באַן אַ מענטש אין דער פרעמד.

פּאַלעסטינע אָבער איז פּונקט ווי אַ היים.
ווען איר וואָלט געוווסט סאַראַ הימל דאָ איז;
ווי שיין ס׳איז דאָ, ווי קיל און ווי בלאָ,
וואָלט איר אַליין אויך געוואָלט זײַן דאָ.
איך שרײַב צו אײַך שפּעט בײַנאַכט.
אַלע אין קיבוץ שלאָפֿן שוין כמעט.
בעת אַלץ איז דאָ פֿאַרזונקען אין שלאָף,
איז באַן אײַך מסתמא שוין האַלבער טאָג.
אָ, הערצלעכע מײַנע,
פֿערצייהעט מיר פֿאַר אַזוי וויניק שרײַבן.
די אויגן קלעפּן זיך, כ׳וועל זיך באַלד מוזן גרייטן.
וועגן מיר דאַרפֿסטו מאַמעשי נישט זאָרגן.
ווי עס געדענקט אײַך, אײַער זון, סאַנע״.

כב.

פֿון אַזעלכע פֿאַרשטיקטע בריוו,
איז דיר, יינגל, איצט לײַכט
אַרומצוגיין אין ווײַס־געקאַלכטן תּל־אביב.
וואָר, קומסטו ווי סאַנע,
פֿון זעלבן פֿאַרוויינטן סידור,
פֿון זעלבן בייזן ר׳ שמואלס חדר,
פֿון זעלבן פֿאַרוויקלטן טלית,
ווען האָסט אַ יינגל געגעבנט צו „ויקרא״,
ווו גאָט האָט גערופֿן צו משהן.
נײַערט, אין זכות פֿון יענע בראַנדאָפּפֿערס,
גייסטו איצט יינגל אַרום פֿון רחוב לרחוב
מיט כי טוב!

כג.

אַ פּאַס מזרח פון איבער די בערג פון יהודה
האָט אָנגעצונדן אַ לוסט ביי די יונגען און מיידן
אויסצוּוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע.
מ'האָט זיך געריסן פון די שטעטלדיקע שטיבער
צו ווערן חלוצים, צו ווערן שומרים.
מ'איז איבערגעגאַנגען פון פּוילישן „דאָווידזעניאַ"
צום העברעיִשן „שאַלאָם!".
אויסגעוואַקסן זענען דאַטשן מיט צוויקערס אויף די נעז
און האָבן גערופן, געוועקט און גערעדט
פון „עפּעס" אַ הערצל, פון „עפּעס" אַ יודנשטאַט.
וואָר, מ'האָט נישט געוווּסט דעם טײַטש דערפון,
דערפאַר האָט מען אויף אַנזיכטסקאַרטן הערצלען געזען
אָנגעשפּאַרט קעגן דער האַלבער זון
אויף דער באַזעלער בריק בײַם דאָנוי.
און דאָס האָט געצויגן מער ווי רייד, ווי ביכער.
מ'האָט בפירוש געזען דעם רויטן אויפגייענדיקן מזרח
איבערן הר־כנען, איבערן הר־ציון,
און הערצלס באָרד האָט געפלאַמט פון דער זון,
ווי די אויגן וואָס האָבן געחלומט דערפון.

ס'האָט זיך העל אַ ריר־געטאָן די שטעטלדיקע ערד
אין די זומערדיקע שבתים, אין די רויִקע זונטיקס.
שבת — איז מען אין די הייסע פעלדער אַוועק;
מיידלעך אין ווייסע בלוזעס, אין בלויע קליידער;

מענערישע זאַקן, מענערישע שיך, מענעריש געשווירן —
און מ׳האָט לײַכט שפּאַצירט, לײַכט דיסקוטירט
אין קלינגענדיקן חצי־פּויליש, חצי־העברעיִש.
שבת — איז מען אין די בריִענדיקע פעלדער אַוועק
יונגען אין האַלבע הויזן, אין בלויזע האָריקע קני
מיט איבערגעלייגטע העמדערדיקע קעלנער;
די געדיכטע גריוועס איבער די אויגן. —
רק מען האָט געהאַפּט און געוואַרט
אויף לערנען זיך גיין נאָכן אַקער,
פּונקט ווי אין חלוץ־בילד אויפן וואַנט אין פאַראיין —
אָדער גאָר פאָרן ווו זיך לערנען שטיינער האַקן.
אַזוי צי אַנדערש — די הענט זענען געווען גרייט,
כאָטש זיי זענען נאָך ווײַסלדיק־גרינג —
אַזוי צי אַנדערש — וועט מען דערוויַיל זען די וועלט.

און וואָס איז מיט די רויִקע זוניקע זונטיקס?
אָ, יאָ! מיידלעך שפּרינגען דיר לאַכעדיק אַנטקעגן
און שטעקן אײַן אין לאַץ אַ שפּילעוודיקע בלום.
די אין בערד, קאַפּאָטעס ווײַכן פון זיי מיט אַ:
— מילא,
וואָס עס קאָנען זיך אײַנרעדן הפקר־לײַט
עפּעס אַ טריפהנעם חלום.
קוק עס אָן, ווער עס וויל ברענגען משיח?
רודפן עד לחורבן, דאַרף מען זיי!

כד.

גראָד דאָס האָט פאַרשטאַרקט די עקשנות צו ציִון!
אַלע זוניקע זונטיקס פאָרן כאָפּטעס יונגוואַרג אָפּ.
בלויז די טאַטעס זענען פאַרהאַרטעוועט צו זיי —

דערווייל קוקט מען זיך טרערנדיק אין די אויגן;
מ'פאַלט איינע די אַנדערע אויף די העלדזער.
מ'פאָרט דאָך נישט קיין פאַלעסטינע, מאַמע!
אָבער די מאַמעס?
אַזעלכע אויסגעווייקטע אויגן גייען לאַנג נאָך אין וועג,
קיין פאַלעסטינע אפילו!
ווער נאָך קאָן דערשפירן אַזוי אַ קינד אין דער פרעמד?
דאָ, אויפן באַנהויף, האָבן זיי נאָך דער מאַמעס מילך —
זאָל אָבער דער צוג זיך געבן אַ ריר,
די ערשטע נאַכט פילן דעם טעם פון אַ קאַלט ברעט,
דעמאָלט ווערן זיי וויסן וואָס עס זענען גרויסע שטעט.
מ'פאָרט בלויז קיין טשענסטאָכאָוו אַ חלוץ ווערן.
דאָרט וואַרט אַ געלעגער, אַ שיפסקאַרט און ברויט;
אַן אידעאַל אַזאַ, וואָס איז שטאַרקער פון נויט!

וואָס היים, ווער היים!
מ'האָט געשוווירן ביי ציון די הייליקע פאָן,
גייט מען אויף די טשענסטאָכאָווער פעלדער
אין האַלב-בלאָטעס, אין האַלב-ליים
נאָכן אַקער, נאָכן פערד —
און מען זינגט פון שוויים, פון דער זון דאָס ליד.
די ערד איז גריבערדיק, די ערד איז דיק —
די בינטלעך האָר אויף די שטערנס זינגען מיט.
און אַז די אויפגעבלעזלטע הענט בריִען;
די אָפגעשיילטע פלייצעס אונטערן הימל גליִען?
מען איז דאָך געפאָרן געפרוווט צו ווערן
נישט נאָר פון דער זון, נישט נאָר פון דער ערד,
נאָר פון מגיפות, שׂריפות, פון שטעכיקע געוויקסן,
רויבערישע געפעכטן און אָנפאַלנדיקע ביקסן.

טשענסטאָכאָוו —
ס'איז שווער אַ מאַמען פון אַזעלכעס צו שרײַבן.

ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט ס׳ביסל היימישע געבעקס;
ס׳ביסל פרישע וועש — די קראָכמאַליעטע העמדער
און מ׳איז געבליבן אָן אַ האַנטעך, אָן אַ פּאָר זאָקן.
מען פאַסט געהאַלט, מ׳לעבט אויף אַ צוגעטיילטן ביסן —
פאַרדאָס אָבער וועט מען אין פּאַלעסטינע זײַן באַלד!
פון דאַנען זענען דאָך אַהין אַלע יונגען פון ריישע:
דער שוואַרצער סאַנע, דער שלאָסער מאיר און סראָליעק,
וואָס האָבן געשניטן דעם שווערן שטראָם
פון ריישער ווײסלאָק אַרויף צו דער לעמבערגער בריק.
ניין, מ׳וועט זיך פון טשענסטאָכאָוו נישט אומקערן צוריק!
אַ חלוץ דאַרף לערנען אַלץ וואָס וועט זײַן באַשערט
אויף דער פּאַלעסטינער זאַמדיקער ערד.

כה.

אַוודאי איז עס נישט יענער חלום פון זיידן,
וואָס איז אַוועק שטאַרבן קיין ארץ־ישׂראל!
דאָס אָבער וואָס דער פּאַס מזרח האָט געהאַט,
איז געווען עפּעס אַזעלכעס וואָס האָט געוועקט
צו בויען און צו ברעכן;
איז געווען עפּעס ווי אויף שטענדיק פון דער היים אַוועק;
ווי אַ טאַטן, אַ מאַמען — אַ שוועסטער איבערצולאָזן.
מיידן — אַזעלכע ווי ביילקע, צירל, שיינדל,
מיידן — אַזעלכע ווי האָדעס, ווי חמה, ווי כייקע,
וועלן ריישע שוין מער נישט זען!
זיי האָבן אויפן באַנהויף ביי ציון געשוואוירן,
נישט אומקערן זיך צו דער שטעטלדיקער ערד!

צום רויטן פּאַס מזרח איז דער צוג אַוועק
מיט זייערע געזאַנגען, מיט זייערע מאַמעס טרערן —

און די פּוילישע פֿינצטער האָט געשוויבלט פֿאַרן פֿענצטער,
אַך, ווי אַזוי פּאַלעסטינע הייבט זיך אָן!
אוודאי האָט מען געוווּסט פֿון קלינגענדיקן
עמק־יזרעאל, כנרת, הר־הכרמל צי עין־חרוד;
פֿון יענע בלאָע הימלען און שוועבלדיקע שטערן;
פֿון די שטיינערנע בערג, פֿון זאַמדיקע געוויקסן;
פֿון די לאַנגווייליקע אייזלען און קעמלען —
אויף משה אַמקרויטס לשנה־טובה קאַרטן,
זענען זיי געווען אויסגעמאָלן.

כו.

אַזעלכעס גייט פֿון ייִנגלוויז אָן אַריין אין לוסט.
איצט, אַז ס'איז געקומען צום טורניסטער;
אָנצוטאָן דעם גאַנצן כלי־זין פֿאַר ווײַטע געפֿאַרן,
האָט ס'שטיקל ערד אונטער די צוויי פֿיס געברענט.
האָסט נישט געטראַכט פֿון גוטס, פֿון שלעכטס;
יונג אַזוי איז דער ברען געווען צו פֿאָרן ס'לאַנד אַרבן!
טאָג־אײַן, טאָג־אויס וויקט מען אין בלאָטעס, אין שלאַקסן;
לערנט מען זיך אויף די טשענסטאָכאָווער פֿעלדער
ווי אַזוי ארץ־ישׂראל זאָל וואַקסן.
וואָר, נישט אַלע האָבן עס געקאָנט אויסשטיין:
טייל זענען באַלד צוריק אַהיים אַנטלאָפֿן,
די פֿאַרשעמטע אויגן נישט געקאָנט אויפֿהייבן —
ס'רוב אָבער האָט אין זיך די ביטערקייט געשטיקט;
זיך אַריינגעוואָרפֿן אין חלוצישן כּוח.
אויב זיך געפּאַסט צו טשענסטאָכאָוו,
דאַרף מען די פֿאַרבענקטע נעכט פֿאַרזינגען
מיט דער „זענזוכט נאָך ציון"...

ס׳איז נישט שיין צו לאָזן אַ טרער נאָך דער היים!
ס׳האַרץ דאַרף פאַרהאַרטעוועט ווערן ווי אַ ברעט,
וואָרים, ס׳הייבן זיך ערשט אָן די ביטערע שטעט.
דאָרט... די נעכט, די היילן, די טאָלן —
דאָרט... דאָס מעסער אונטערן העמד —
דאָרט... איז אַ חלוץ — אַ קיבוץ —
דאָרט... איז אַ קיבוץ — אַ חלוץ.

כז.

היות, נישט לײַכט איז געווען אַזאַ פרעמד,
האָבן אַ סך טאַקע זיך אומגעקערט אַהיים צוריק
און דערציילט פון דער אויסגעשטאַנענער נויט.
מ׳איז נישט צוריקגעקומען ווי יענע פון בערלין
מיט ליאַק-שיך — געשטרייפטע הויזן און מאַנזשעטן;
דינע קײטלעך און בורשטינענע ציגאַרעט-שפּיצלעך
און זיך האָכשטאַפּלעריש געריממט מיט דער וועלט.
די, וואָס האָבן זיך פון טשענסטאָכאָווו אומגעקערט,
האָבן אויסגעזען שוואַרץ ווי דאָס פעלד דאָרט.
זיי האָבן זיך געקוויקט מיט אַלץ וואָס איז היימיש —
כאָטש טרײַב זיי — וועלן זיי מער ריישע נישט פאַרלאָזן;
איינמאָל דערפילט דעם טעם פון דער פרעמד,
וועלן זיי אָפּשאַצן ס׳שטיקל ברויט, שבת דאָס העמד.
ניין, זיי וועלן זיך מער פון ריישע נישט רירן —
סײַדן אַהין, פונוואַנען מ׳קומט אויף אַ לוסט-רייזע,
ווי יענע פון אַנטווערפּן, פון ווין, פון פּאַריז,
וואָס פאָרן דערנאָך צוריק צו אַ זיכערן טאָג.

יאָ, אַ חלום איז שיין ווי לאַנג מ׳איז אינדערהיים.
אָבער די, וואָס האָבן אַזאַ חלום נישט געוואָלט,

האָבן אויסגעביטן רײַשע פֿאַר טשענסטאָכאָוו.
וואָרים פֿון דאָרט — האָט זיך אָנגעהויבן דאָס,
וואָס מ'האָט אין די זונטיקס אין פֿעלד געשווירן;
אין די ווינטער־נעכט אין די פֿאַראײנען געלייענט
און פֿון „פֿאָרטראַגן” — געלערנט!
יונגען — אַזעלכע ווי כאַצקל, ווי סראָל, ווי סאַנע,
יונגען — אַזעלכע ווי שמואל, לייבטשע, יאַנעק,
וועלן רײַשע שוין מער נישט זען!
צי ס'וועלן פֿאַלן שווער די פּאַלעסטינער נעכט.
דאָרט אַ חלוץ איז נישט ווי אין רײַשער פֿעלד,
וווּ מ'האָט אַ זומער זיך געלערנט זײַן שומרים;
די גימנאַזיעס איבערגעלאָזט פֿאַר ציון —
אפֿשר דערפֿאַר איז ס'פֿײַער אין זיי נאָך פֿריש.
זיי זענען נאָך קיינמאָל פֿון דער שטוב נישט אַוועק;
קיינמאָל נאָך אויף באַנען נישט געפֿאָרן,
נאָר רק פֿון דער גרויסער וועלט געחלומט.
זע, גאָט, זיי זאָלן זיך נישט אומקערן פֿאַרביטערט!

פּעסט ווי עס שטעקט הערצל אין זייער לאַץ,
לאָזט מען זיך זיכערע אין ערשטן וועג אַרײַן.
וואָס איז שוין אַ מאַמעס טרער פֿאַר אַזאַ וועג?
אַ ציטער וואָס קלײַבט זיך אין בענקשאַפֿט אָן,
ווען מען איז חדשים פֿון דער היים איינער אַליין.
דעמאָלט, אויפֿן געלעגער אין יענער פֿינצטער,
וואַקסט אוים דער שטרענגער טאַטע, די ווייכע מאַמע;
די פֿאַרבליבענע שוועסטערס וואָס זענען זיי מקנא,
למאי זיי זענען אין דער וועלט אַוועק.
דעמאָלט, אויפֿן געלעגער אויף דער ווײַטער ערד,
שלאָגט אוים אויף דער באַק דער מאַמעס טרער
און ביסט מקנא די וואָס זענען מקנא דיך —
נאָר עס אַהיים צו שרײַבן וואָלסטו זיך געשעמט!

נו, מילא — אויב שוין געפּאָרן, זאָל זיין אַזוי!
בלוי איז אַ הימל, בלוי איז די היים
און בלוט איז יונג און בלוט איז לוסט,
וועט מען אויסטראָגן דעם שוויים, דעם חלום.
אַוודאי וועלן אַקעגנקומען שטעכיקע ווינטן
אוודאי וועט מען גיין אין האַלבע זומפּן;
שטיין אין היילן מיט לאַפּעטעס איבער זיך.
פּאַרדאָס אָבער וועט מען זײַן פון ריישע ווײַט
און נישט אומגיין פּוסט מיט אַ שטרוי אין מויל;
קוקן ווי ס'זעצט זיך די זון אויפן מאַגיסטראַט,
אויפן לאַנגווײַליקן ציפערבלאַט.

כח.

ווער ס'האָט נישט געזען ס'ביסל שוואַרץ פון טאַטע-מאַמע
נאָך דעם ווי זייערע זין, די טעכטער זענען אַוועק —
ווער ס'האָט נישט געזען די שטומקייט פון זייער שרעק,
ווען ס'האָבן חדשים קיין בריוו זיך נישט געוויזן.
נישט דו — האָסט טאַטע-מאַמע אויסגעמיטן
נאָר זיי דיר — האָבן אין די אויגן נישט געוואָלט קוקן!
ווי אַ שטיין אין זומפּ איז מען פאַרפאַלן געוואָרן.
ווי ווײַט, לערך, איז טשענסטאָכאָוו פון ריישע?
דאָך, ווי ס'וואָלטן ימען אין וועג געשטאַנען.
ס'זאָל דאָס אַ צייכן פון אַ קינד זיך באַווײַזן!
וואָלטן זיי כאַטש מיט שיפן ערגעץ אַוועק,
מילא, וואָלט זיך עס נאָך געלייגט אויפן שׂכל.
וואָס טאַקע וועט נאָך זײַן איבערן אמתן ים?
ווי קאָן אַ מאַמען באַקומען דאָס געלעגער,
ווען איר סאַנע וואַלגערט זיך ערגעץ אַרום.
צי חלילה עפּעס ערגערס?

פּאַלעסטינע —
אַ תל דאָס האָט געמאַכט פון איר סאָנען!
איז דאָך דער טאַטע שוין גערעכט,
וואָס ער הייסט וואַרטן אויף משיחן?

כט.

פון איבערן ים־התיכון קומען נישט קיין בריוו.
פון יענעם ים קומט עס דער פּאַס מזרח!
איינמאָל אָנגעצונדן די שטעטלדיקע יוגנט,
וועלן זיי ציִען פון די אויסגעבענקטע שטיבער
צו די בערג פון יהודה, צו די פעלדער פון מואב,
צו די בערג פון אדום, צו די זאַמדן פון ים־סוף —
און זיי וועלן גיין צו חרמון, צו די זײַטן פון לבנון.
דאָרט וועט מען אײַננעמען, דאָרט וועט מען אויפרײַסן;
אויפסנײַ שפּאַלטן דעם ים פאַר די וואָס ווילן קומען,
וואָס ווילן זינגען דאָס געזאַנג פון די נביאים
פון זייערע שטראָף־רייד — ביז צו שיר־השירים.
גאָרנישט וועט אָפּשטעלן, גאָרנישט וועט אָפּהאַלטן,
נישט די נויט, נישט דער הונגער נאָך ברויט,
אַז מען זאָל נישט גיין אויפן רוף פון דער שבועה,
וואָס מ׳האָט זיך אין די שבתדיקע פעלדער געגעבן,
בעת מ׳האָט זיך געלערנט שומרים און חלוצים זיין!

דאָ, אינמיטן מאַרק, שטייט קאָשטשושקאָ אויסגעהאַקט.
די שטיינערנע פּאַלערינע איז גרין, די שווערד טעמפּ.
און טויבן דרימלען אויף זײַן האַרטן קאָפּ;
פעדערן אוים אויף אים די פלעדערווישן —
און קאָשטשושקאָ אַליין זינקט פון יאָר צו יאָר.
דאָ, אַרום אים טאַקע, רעדט מען עס פון „יודענשטאַט” —

דאָ, אַרום אים טאַקע, ווערט נמאס די ריישער שטאָט —
דאָ, אַרום אים טאַקע, רעדט מען עס פון פּאַלעסטינע —
דאָ, אַרום אים טאַקע, ווערט די היים קליין אין די אויגן —
דאָ, אַרום אים טאַקע, ווערט מען טאַטע־מאַמע נישט פרעגן
און ס'וועט נישט אָפּהאַלטן קיין שרויט און קיין טויט!

ל.

לך־לך — נישט צוליב דיר, טשענסטאָכאָוו,
איז מען אַרויסגעגאַנגען פון פאַטערס הויז —
נאָר צו זײַן אַ בענטשונג פאַרן לאַנד כנען,
וועט מען חלוצים קיין ארץ־ישׂראל אַרײַן!
ניין, נישט צוליב דיר — טשענסטאָכאָוו,
איז מען פון ריישע ווי פון אַ מגפה אַנטלאָפן!
ס'ביסל יונגוואַרג האָט זיך סײַווי צו דער וועלט געריסן,
ווען לענדער האָבן זיך אין קאָפּ גענומען מישן.
אַ בהלה פון פאַרן ווי נאָך אַ מאָביליזאַציע
האָט זיך אָנגעהויבן אויף וועגענער, אויף באַנען
בײַ אָפּגעריסענע יונגען, בײַ שטאַרקע מיידן.
מיט אַ מאָדנעם לוסט, מיט אַ מאָדנעם גלוסט,
איז מען ווי אַסענטירטע אַרוים אין לאַנגן וועג.
דער ברוינער סאַנע — איז עס געווען דער „עלצטער".
ער האָט באַפוילן; געפירט ווי אין שלאַכט אַריין.
עפּעס אַ פאַרריסענער שטאָלץ איז געווען אין אים,
עפּעס אַ פויערישע גבורה איז געווען אין אים.
ר'האָט געשריגן און געמוטיקט!
ר'האָט געמוטיקט און געשריגן!

סאַנע — ווו האָט ער זיך אַזוי געלערנט זעלנעריש פירן?
טאַקע בײַ זיך; אויף די בודעס צווישןביימער און פעלדער,

ווען יינגלעך זענען ל״ג-בעומר אַרויס אַהין מיט ביקסלעך!
ס׳האָט אים תמיד געצויגן צו גרינע לאַנען און באַנען.
ר׳האָט אין טאַטנס שענק תמיד צווישן מעסערס געלעבט,
האָבן אים גוייִשע געפּאַרן קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט.
ווינטער איז ער דורך ווײַטע שנייען פון חדר געגאַנגען
מיטן אײַנגעשטעקטן לאָמטערן אויף דער ברוסט.
אַוודאי האָט ס׳האַרץ זײַנס דורך ווײַסער שרעק געצאַפּלט.
ר׳טראָגט אָבער ס׳חומש, ווען זיך די סדרה פּאַר אים מיִען,
ווען ר׳ווערט חזרן וואָס ר׳האָט היינט אין „ויגש״ געלערנט:
„און ישׂראל האָט אַוועקגעצויגן מיט אַלץ וואָס ר׳האָט געהאַט,
און איז קיין באר-שבע געקומען מיטן שלאַכט-אָפּפער.
און גאָט האָט גערעדט צו ישׂראלן דורך דער נאַכט
און האָט גערופן: יעקב, יעקב!
האָט ער געזאָגט: דאָ בין איך!
— איך בין דער גאָט פון דײַן פּאָטער,
זאָלסט נישט פּאָרכטן אַראָפּצונידערן קיין מצרים״...

לא.

מיט אַ זיכערקייט אַזאַ איז סאָנע
אַוועק פון טשענסטאָכאָוו קיין פּאַלעסטינע.
ס׳איז אים נאָכגעגאַנגען ס׳קול פון „ויגש״,
פון יענע שנייען, פון יענער גוייִשער שרעק.
איצט פירט ער מיט זיך ס׳חומש אין וועג,
אַזוי די אַנדערע וואָס פּאָרן נאָך מיט אים.
צי מ׳איז סטודענטן, צי האַנטווערקער געווען —
דער סידור, ס׳חומש איז געלעגן אויפן האַרץ.
עס האָט גערוישט אין קאָפּ דער ווײַסער סדר,
וואָס איז אַנדערש פון אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר.
ס׳איז נאָכגעגאַנגען די געלע אויסגעווייקטע הגדה

מיטן אָפּגעפּלעקטן ווײַן: דצ״ך, עד״ש, באח״ב.
יאָ, מ׳האָט געוויינט ביי עבדים היִינו —
מ׳האָט געוואָרנט ביי זכר למקדש —
מ׳האָט זיך געשראָקן ביי שפוך חמתך.
דערנאָך איז געוואָרן לײַכטער די טיר,
לײַכטער די גאַנצע שטוב,
אליהו הנביא איז פון הר־הכרמל
קיין רײַשע אראָפּ.

סאַנע מיט אַלע ייִנגלעך,
האָבן פאַר אליהון יענע טיר אויפגעמאַכט,
כּאָרן זיי איצט פון טשענסטאָכאָוו אַהין צו אים.
ניין, די ימען וועלן זייערע שיפן נישט פאַרטוישן!
מ׳וועט נישט — אַנשטאָט קיין פּאַלעסטינע —
פאָרן אין פרעמדן אַמעריקע, אין ווײַטן אַרגענטינע.
סאַנע האָט געשוווירן, פּראָסט ווי ער איז,
אָנצונעמען צוויי הויפנס ארץ־ישראל
און ווי זײַן מאַמע אויפן הויכן קול,
מאַכן אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד!

לב.

דאָ, אין יונה הנביאס באָרטן,
רעדן דעם רבינס שטיקלעך סדרות:
אָנהייב איז געוואָרן הימל, איז געוואָרן ערד.
און וויסטעניש און פינצטערניש איז געווען —
בלויז גאָט האָט אויף די וואַסערן געשוועבט.
פון טאָג דאָס ליכט האָט זיך אָנגעהויבן דאָ.
פאַרדאָס און דערפאַר איז דער הימל דאָ בלאָ.
און די יבשה? יאָ, די ערד איז אויסגעשפּרייט
איבער וואַסערן העט, איבער בערג ווײַט
אין גרויער, שטיינערנער ליידיקייט
פון בראשית אָן.

און דאָ טאַקע, ביים יפוער ברעג,
שווימען פאַרן ייִנגל אויף יונה־הנביאס טעג,
ווען ר׳איז אויפגעשטאַנען קיין תרשיש צו אַנטלויפן.
דאָ טאַקע האָט ער אַראָפּגענידערט
אַ שיף פאַר זיך צו געפינען.
און דאָ, ביי די יפוער וואַסערן,
גייען אויף פון חדר די שײַבלעך מעש
מיטן רבינס פאַרטייטשטן פלאַם:
די ווינטן האָבן זיך געריסן פון הויכן ים,
די פישערס האָבן צו זייערע געטער געשריגן,
ביי יונהן געפרעגט: ווו איז דיין לאַנד?
פאַר גאָט אין די הימלען טו איך פאָרכטן!

וואַרפט מיך, איר פישערס, צום אָפּגרונט,
וועלן אײַערע זעגלען זיך איינשטילן,
וואָרים איך בין אײַער האָגל, אײַער ווינט!
אין איינגעווייד פון פיש איז יונה געווען
דריי טעג און דריי נעכט נאָכאַנאַנד געווען.
דאָ, ביים יפוער ברעג,
האָט ס׳ייִנגל אויפסנײַ דערפילט די שרעק
פון נביא יונהס תפילה
מיט יענער מורא אפילו.

יפו —
שטאָט פון פאַרצײַטישע מויערן!
יפו —
שטיינער פון צעבויגענע טויערן!
יפו —
אויגן פון טרערן און טרויערן!
אין וויפל ספרים ביסטו איינגעגעלט?
אַ לעגענדע האָסטו פאַרן חדר אויסגעזען;
שטיקער ימען ביסטו פון ריישע ווײַט געווען!
איצט שטיי איך, נביא יונה, ביי דײַן ברעג
און אָטעם דײַנע שוימיקע ווינטן אײַן:
זאָל איך גלויבן, אַז אַזעלכעס איז געשען?
נישט איך —
דער פעטער ר׳ ברוך גייט דאָ אַרום
מיט אויסגעטראָגענע דורות פרום.

לג.

פון יונהן
גייסטו צו די יפוער וואָכעדיקע טעג אַוועק.

ערגעץ האָסטו וועגן אַזעלכע געמאַרקן געלערנט.
דרייסטו דיך דאָ אַרום ווי אין דוד המלכס צײַטן
און ס'רוישן־אויף יענע ברוינע, טונקעלע געזיכטער:
סוחרים אין קאַפּטנס, אין געוויקלטע טיכער;
ווײַבער באָרוועסע מיט הויכע לאָגלען אויף די קעפּ —
ווײַבער באָרוועסע אויסגעזעצטע אויף טרעפּ.
און עפּעס שרייען זיי מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
וויינען אַרויס פון שמאָלע שטיינערנע ווענט.

עס בריט די אָנגעגליטע היץ פון דער זון.
עס בליען געבלימטע טעפּיכער אויף אַקסלען.
סע שמעקט צעשמאָלצענער וואַקס און געווירץ.
סע קלינגט מיט פּרוטות, מיט רויטע מטבעות.
אַלעמענס אויגן האָבן קוילן, האָבן פײַער.
אַלעמענס אויגן האָבן בלוי, האָבן טרויער.
די מאַנסבילן — שוואַרצע, קרײַזלדיקע בערד,
די ווײַבער — צעשאָטענע, בריסטלענע צעפּ.

פון וואַנען קומען זיי קיין יפו דאָ אַהער?
פון דער זון, פון בערג קומען זיי אַהער;
פון די טאָלן קומען זיי אויף די געמאַרקן.
בײַ זיך אויפן שטיקל ערד פּיטערן זיי די שאָף,
אין זייערע היילן רוען זיי אין לבנהדיקן שלאָף
און פֿרוכפּערן זיך פון המוציא לחם מן הארץ.

לד.

מיטן אויפגאַנג פון מזרח קומען זיי,
מיטן אָפּצי פון מערב פאַרגייען זיי.
געסלדיק וואַקסן אויס די דינע מאַנסבילן,

וואַקסן אוים מיט יונגע קינדערשע ווײַבער,
מיט אויסגעטריקנטע קינדער אויף אייזלדיקע פּעק
און וויגן זיך צווישן די געדיכטע קראָמען.
פון וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, באַשטייט ס׳ביסל מסחר ?
פון סגולות, קרײַטעכער פאַר חולאים אַלערליי ;
פון חלומות — ווי פאַרן אַמאָליקן בית־המקדש ;
פון ציטרוסן און טרויבנדיקע שהחיינוס ;
פון רויטע פלאַקסן און האַרטע שאָפּענע וואָלן ;
פון געפלאָכטענע גאַרטלען, קרוגן און טעפּ ;
פון שטויסנדיקע געדרענגען — אַקסלען און קעפּ.
אויפן בלויזן ברוק זיצט מען ווי בעטלערס,
זיצט מען פאַרלייגט מיט מסחרדיקע שאַר־ירקות,
מיט פרומע שפּרוכן, מיט כלערליי ברכות.
לעפלעך האָבן זיי געשטאָכענע מיט אוירינג,
האַלדז־בענדער האָבן זיי פון שווערן זילבער —
זיי האָבן ס׳גאָלד פאַרן עגל־הזהב נישט געוואָרפן.

לה.

יפו, אויסגעבענקט בין איך צו דיר געקומען ;
אויסגעטרויערט שטיי איך פאַר דײַנע קראָמען.
דורך ווינטערדיקער אימה בין איך צו דיר געגאַנגען
מיט אַ לאַמטערנדל נאַפט אויפן בורנעס אָנגעהאָנגען.
די סוחרים דײַנע זענען נישט ווי פון יענער ערד,
וואָס זענען אויסגעוואָקסן אויפן יאַריד מיט בייזע בערד,
מיט וועגענער פלוימען, תבואות, בהמות און פערד.
דײַנע הענדלער קומען פון אויסגעחלומטע זונען
מיט געוועבטע טעפּיכער, מיט געפלאָכטענע הבדלות ;
מיט אַלע בענטשונגען פון גאָטס ברכות.

יפו, אין דײַנע פאַרענגטע, אָפּגעשײלטע מויערן,
גרויען זאַכן האָפּערדיק, זאַכן וואָס טרויערן.
מיט סחורות גייען־אום אײזלען ווי מענטשן,
גייען־אום דערשראָקענע בעטלערס וואָס בענטשן,
קומען־אָן הענדלער מיט שטיקלעך צירונג און בשמים,
קומען־אָן תלמידי־אביונים, תלמידי־חכמים
מיט בערד געדיכטע, מיט בערד שיטערע,
פאַרוויקלט אין לײַלעכער, פאַרשטײַפּט אין גאַרטלען
און נאָך זייער שלעפּ — גראָבע שנירלעך ציצית,
און זעען אויס ווי אַנטלאָפענע פון פרעהס מצרים.
די, וואָס זיצן סתם אַזוי מיט אַ ספרל אין האַנט,
אַרט נישט דער רעש, נישט דער זוניקער בראַנד
און קוקן אויס די אויגן נאָך אַ פּרוטהדיקן קלאַנג.

לו.

ווילסטו זייערע שטיבער, זייערע געזינדער זען?
צי אָפּ מיט זיי פון געמאַרק אַהיים פאַרנאַכט.
ועסט זיי נאָכגיין אייזלדיק, זאַמדיק און שווער
דורך די רויטע, ווייכע פלאַכן פון באר־שבע
און וועסט מיינען ס'פירט דיך דער חושך.
וועסט זיי נאָכגיין ווי דורך פערציקיאָריקן מדבר —
צו זייערע היילן פון ליים, צו זייערע היילן פון ערד,
און אינעווייניק?
אַזעלכעס איז בלויז אין חומש שיין געווען!
אין דער וואָר — ציט פון דאָרט גרינער שימל.
אויף צעשאָטענעם שטרוי —
מאָגערע ווײַבער, קינדער און שמאָלע מאַנסבילן,
אויף צעשאָטענעם שטרוי —
אַ פאַסטעך, אַ שעפּס, אַ ציג, אַ פאַרשלאָפן אייזל,

אויף צעשאָטענעם שטרוי —
א מילכיקער בוזים פון אַ פאַרחלומטע מיידל.

און דאָ, איבער זיי, לאָזט זיך די זון אראָפּ —
און דאָ, איבער זיי, הייבט דער בלוי זיך אויף —
און דאָ, ביי זיי, לערנט מען מיט קיילעכדיקע ייִנגלעך
ארץ-ישראל פון חומש —
און דאָ, ביי זיי, לערנט מען מיט קיילעכדיקע אויגן
ארץ-ישראל פון חומש —
און דאָ, ביי זיי, נעמט מען אַריַין דעם טייטש פון „שלח":
„און זיי זענען געקומען ביזן טאָל אשכול
און האָבן אָפּגעשניטן אַ צווײַגל ווײַנטרויבן
און עס זאַלבעצוויי געטראָגן אויף אַ שטענגל.
פון די מילגרוימען האָבן זיי גענומען דאָרט,
רופט מען דעם טאָל אשכול אויף יענעם אָרט".

לז.

תימנער — זיי קומען ווי פון אחשורושס צײַטן.
תימנער — זיי קומען ווי פון עין גדי.
תימנער — זיי קומען ווי פון איוב.
תימנער — זיי קומען ווי פון על נהרות בבל.
תימנער — זיי קומען ווי פון ייִנגלס חלומות.

און זיי האָבן זיך אויסגעשפּרייט מיט זייערע געזינדער.
און זיי גליִען מיט דער זון איבער די געלע פעלדער.
און זיי שטייען צעשטעלט איבער דער פאַרפלייצטער היץ
און גראָבן די דאַרע גבורה אײַן אין יעקבס פעלד.
אין בלויזן העמד, אין טלית-קטן שטייען זיי
מיט אַקערס, רידעלס, און שפּרינגענדיקע פּיאות.

ויסעו מסוכות ויחנו — אָהער האָבן זיי געצויגן
אַ לאַנד צו אַרבן.

ווי אויף די פעלדער פון מואב,
זענען זיי ברויז, זענען זיי בראָנדזיק
און זעען אויס ווי די שעה פון מנחה.
אויף זייערע אויפגעשאַרטע פּיס קלעפּט די ערד פון כנען,
ווען זיי קערן זיך אום פון דער אָפּגעשפּריצטער זון,
ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ צו זייער ברויט, צו זייער רו.
די אייזלען אויסגעשפּאַנט,
די קינדער אין בעטגעוואַנט,
שלאָפן איַין אין חלום פון לאַנד.

לח.

ביסט בערגלדיק, געסלדיק — יפו;
ווי די ספּרימדיקע שער-בלעטער ביסטו.
ווער האָט דיך אַזוי אויסגעהאַקט?
דיך אַזוי איבערגעלאָזט פאַרן ייִנגל?
העל איז דיַין גרוי אין דער פרי,
פרום איז דיַין רויט פאַרנאַכט.
אַ רויש פון לשונות ביסטו,
אַ געמיש פון שבטים ביסטו.
אַלע באַבויען דיך!
אַלע באַזינגען דיך!

דער ים פון חומש
האָט דיר, יפו, צוגעטיילט אַ ברעג-וואַסער
מיט בלויע שנירלעך וואָלקנס.

זויִם ביסטו מיט טוייִקע שטיקלעך דעכער —
און פּריש ביסטו אין מיר ווי דעמאָלט,
ווען מ׳איז פון לערנען אַהיים באַרוישט,
ווייל ס׳האָבן די פישערס יונהן אויפגעהויבן,
אים אין ים געוואָרפן,
עס זאָלן די וואַסערן דעם שטורעם איינשטילן
טאַקע דאָ־אָ אין יפו.
אין ייִנגל איז איצט אַריין יענער פלאַמיקער בלאַט,
וואָס האָט אים רוען נישט געלאָזט בייַנאַכט.

לט.

צי פון ריישע, צי פון תימן —
אויב ווילסט דעם מפטיר־יונה פילן,
לאָז דיך אַ ייִנגל אויף שיפן אַהער!
וואָר, זאַמדיק־בראַנדיק וועלן זייַן די ערשטע טעג,
וועט אָבער זייַן דייַנס דאָס וואָס דו גראָבסט,
וואָס דו טרעטסט, וואָס דו זעסט.
בלויז אַ חומש־ייִנגל קאָן עס באַנעמען.
זאָל מען ביי אומות־העולם שפּראַכן קענען —
דו אָבער דאַרפסט בלויז זאָגן:
בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים —
דו אָבער דאַרפסט בלויז זאָגן:
להושיבי עם נדיבים עם נדיבי עמו —
דו אָבער דאַפסט בלויז זאָגן:
ולירושלים עירך ברחמים תשוב —
וועט זיך אויפמאַכן די טיר פון דיין הויז.
וואָרים געקומען ביסטו פון וירעו, ויענוגו, ונצעק,
פון דער ווייַסער הגדה קיין בני־ברק;

אַ ייִנגל פון בכל דור ודור —
צום יפוער טויער.

מ.

אַהער זענען עס די יונגען מיט דער גבורה פון חלום,
מיט דער גבורה פון די נביאים. —
נאָר פריער האָט זיי גאָט בכיוון פאַרוואָגלט,
צו קומען דאָ פון די פלאַמען פון שפּאַניע;
פון דער עקשנות פון די זיידעס פאַר זיי;
פון די וואָכן און פון די הייסע שבֿתים,
היטן דאָס לאַנד וואָס מען האָט זיי צוגעזאָגט.
אָ, איר יונגען, מערן וועט איר זיך ווי די שטערן
און שווימען וועלן די לבנהס צו אײַערע בערג
אין זאַטן רויִקן גרין
ווען איר הערן די קוואַלן אין גליל —
מאַכט מיך פאַר אַ פּאַסטעך צו אײַערע שאָף!

ניין! איך וועל נישט אויפהערן פרעגן:
פאַרוואָס האָבן די וואַסערן מײַן שיף נישט פאַרביטן,
מיך — אָנשטאָט קיין אַמעריקע — צום חומש נישט געפירט?
שווער צו פאַרגעסן די חלוצים פון יענעם וועג;
דעם ים וואָס האָט געפירט מיך אַהער — זיי אַהין!
באַנאַנד זענען מיר צו די האַפנס אַרויס פון ווין,
נאָר זיי האָבן געהאַט פײַער, האָבן געהאַט געזאַנג
און אַ שטעטלדיקע לוסט צום אָבותדיקן לאַנד,
זענען זיי נאָכגעשווּמען די שוועבלדיקע הימלען.
מסתמא האָט מען זיי דערציילט פון פעטער ברוך,
וואָס איז פון שטוב שבת-פאַרנאַכט אַוועק קיין צפת,
זענען זיי אויך אַוועק קיין יפו האַנדלען
מיטן לידל פון ראָזשינקעס און מאַנדלען.

מא.

אַז כ׳דערמאָן זיך דאָ אין ניו־יאָרק אין דיר, יפו,
ווייל איך פון דאָס נײַ בײַ יונהס באָרטן שטיין.
איך זוך דיך אויף די גאַסן ווו איך וווין
און גאָרנישט פאַרציטערט מיך ווי דו!
אַ שטיקל רויט בלויז פון דײַן מערב
איז גענוג ס׳זאָל מיך ציען צו דיר.
גאָט, וויפיל זונען האָב איך שוין געזען,
צו וויפיל זונען האָב איך שוין געבענקט,
נאָך וויפיל זונען שוין טרויעריק געוואָרן?
יפו, אָבער נאָך דײַנע שקיעהדיקע פאַרבן
לוינט זיך צו פאָרן שטאַרבן!

לאָמיך איצט אַרויסגיין ווי די יונגען דעמאָלט,
וואָס זענען געפאָרן זען צי ס׳איז וואָר,
דאָס, וואָס האָט פאַר מיר אַמאָל בלוי געקלונגען.
כ׳וועל איצט בעסער פאַרשטיין דעם מלמדס פאַרנאַכט,
ווען ר׳האָט אין חדר דעם נביא יונה געבראַכט
פון דער הפטורה.

מב.

ווי כ׳האָב ריישע פאַר ניו־יאָרק אויסגעביטן,
וועל איך אַמאָל ניו־יאָרק פאַר יונהס באָרטן בײַטן!
איך וועל איבערלאָזן אַלע באַזונגענע זאַכן;
די הענגלדיקע בריקן פון מאַנהעטן —
די רויכיקע הימל־מויערן וואָס טרויערן —
די דעכער וואָס ציען העכער פונעם אויג —
די עוועניוס וואָס לויפן דורך האַרלעם אַרויס —

די פאַרגעלטע לאַנג־איילענדער שטראַנד —
די גליטשיקע וועגן, די טאָלן, די גראָזן
מיט די בערגלעך קבר־אבות אויף „מאָונט" חברון.

און קומען וועל איך צו דיר — יפו,
נישט אַ גרויער טאַטע פון פלאַשינג,
נאָר דווקא ווי דאָס יינגל פון ריישע,
מיט אַ פּעקל וועש און אַ ביסל היימיש געבעקס,
און זאָגן: שיין ביסטו ווי דאָס חומש!
איך וועל אַריין אין חלוצימדיקן ראָד
אַ הייסער, מיט שטאַרקע פלאַקסענע האָר,
און ווי די טבע —
לאָזן אַ טרער פאַרן שלאָף ביינאַכט,
און ביי־טאָג ווידער אַמאָל אַרויס צום געזאַנג
פון זאַמד, פון הימל, פון בערג
און אויפן געלעגער ווידער טרויעריק ווערן.
נאָר דאָ וועט מיך היטן דער לאַמטערן,
וואָס האָט מיך געפירט דורךווינטערדיקע שטערן
אַהער מיין שבט צו געפינען.
דאָ קומט מען פון זעלבן סידור,
פון זעלבן חלום, פון זעלבן ליד
צו אַשכנז און ספאַרדים.

מג.

דורך דער שווערער סדרה פון דער וואָך,
האָט איר יִינגלעך געטראָגן דעם חדרדיקן יאָך
און דעמאָלט נאָך אַרײַן אין לאַנד,
וואָס אויף יענער זייט ירדן,
וואָס משה האָט פון הר־סיני אײַך געוויזן
און עס אײַך געגעבן נאָך יציאת מצרים,
עס אָפּצוהיטן פון די אומות העולם.

נײַערט, מיט מיר איז אַנדערש געשען.
איך בין אַוועק צו די פאַרלוירענע שבטים,
וואָס אויף דער זייט פון ניו־יאָרקער האָדסאָן.
מיך האָבן שיפן פאַרטראָגן צו די ימים דאָ,
ווינטן האָבן די זעגלען געצויגן אַהער, —
אויפן וועג פון די סדרות מיך נישט געפירט מער.
ווי ס'וואָלט פון גאָט מיר נישט געווען באַשערט
צו זײַן מיט אייך, יִינגלעך, אויף מײַן ערד.
כ'האָב דאָך ווי זיי צו „ויקרא” גענענט!
פאַרוואָס, גאָט, האָסטו מיך פאַרוואַלגערט אינעם העק,
ווו כ'פיל אַמאָל נאָך יענע שרעק
ווי דעמאָלט, ווען כ'בין די טומאה פאַרביי
מיט אַ פאַרביסענעם „שקץ תשקצנו”,
ס'זאָלן קיין שטיינער אויף מיר נישט פאַלן,
ס'זאָלן הינט אויף מיר נישט שפּרינגען;

כ׳זאָל אַ גאַנץ יינגל אָנקומען אהיים!
עפּעס פון יענעם פּחד טראָג איך עד היום —
בלויז מיט מיר איז אַנדערש געשען,
כ׳האָב צו וווינען אין מיין לאַנד נישט זוכה געווען.

ניין!
כ׳וועל קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגעבן
דער שיף, וואָס האָט מיך פון חלום אָפּגעשיידט,
זיך דעמאָלט נישט פאַרקירעוועט אהין,
ווו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן „בראשית ברא"
מיט פּרשות ערד, פּרשות הימלען, פּרשות „האזינו".
פאַרנעם גאָט די רייד פון מיין מויל!
כ׳האָב דאָך אַליין געזען די זילבערנע טרער
הענגען ביי דער באָבע חנהלע שבת פאַרנאַכט
— פאַר דיר, ארץ-ישראל, פאַר דיר, פאָלק ישראל —
פאַר אַ גוטער וואָך אויפן גאַנצן לאַנד!
נייערט, איך וועל באַווייזן חנהלעס באַגער
צו פירן קיין ארץ-ישראל איר זילבערנע טרער!

מד.

ווו זענען דעמאָלט אהינגעקומען די היציקע יונגען?
ווו זענען דעמאָלט אהינגעקומען די נרננה-געזאַנגען?
זיי האָבן מיר איבערגעלאָזט זייער טרויער
און זענען אָפּגעשווימען צום ים-התיכון.
ביי וועמען אָבער איז ס׳הארץ געווען שווער?
ביי די, וואָס זענען צו מארסעי-צו אַוועק,
צי ביי די, וואָס זענען צו שערבורג אַוועק?
ביידן האָט געפּרעסט די יינגלשע טרער!

זיי — זענען אראָפּ צו דער זון פון מזרח,
מיר — האָבן גענומען די זון פון מערב.
זיי — האָבן זייערע שבטים יאָ געפונען,
מיר — האָבן די שבטים נישט געפונען.
זיי — האָבן די סדרה פון דער וואָך,
מיר — האָבן פון אַמעריקע דעם יאָך.
ווי גאָט וואָלט אין אונדז דאָ פאַרגעסן,
זענען מיר געבליבן פרעמד אין די אויגן,
פרעמד אין דער צורה פון אַנדערע פעלקער.
כאָטש שיק פון דאָס ניַי, גאָט, צו אונדז משהן
ער זאָל אונדז, ווי אין „קדושים", זאָגן:
„איר זאָלט זיך צו אַנדערע געטער נישט קערן;
„דעם שניט פון אייער לאַנד שניַידן און זיך מערן!

מה.

ניַיערט, כ'האָב די רייד זיַינע נישט מקיים געווען;
דעם שניט פון מיין לאַנד נישט געשניטן!
דערפאַר אָבער זינג איך פון דיר, סאַנע,
ווי ס'זינגט פון דיר די יידישע גבורה
ביים איינשניַידן די רערן אין גאָלד פון זאַמד,
כ'וויל כאָטש אַ שטיקל זכיה צו מיין לאַנד!

שריַיבסט:
„היץ שלאָגט פון הימל, בראַנד פון דער ערד.
כ'זיץ אויפן זאָטל, ס'גליט די פעל פון פערד.
געדענקסט דאָך דעם לאַנגן דינעם אָשר?
זאָלסט זען ווי ר'שטייט אין האַלבן גרוב;
ווי ר'איז באַרוועס איַינגעבראָכן אין רינשטאָק.
ס'האָט אים נישט געפעלט פון קיין „פויגלמילך".

וואָר, מיר, די שטאַרקע, האָבן אים תמיד געשווינט;
ר׳איז שטענדיק קראַנק און שלאַף געווען.
ד׳אָ אָבער איז ער, ווי אַלע, געוואָרן שטאַרק
און גייט גאַנץ-פרי אַרויס מיט דער האַק.
אמת, ר׳ווערט טרויעריק ווען ס׳פאלט-צו די נאַכט;
ווען ר׳ליגט אויפן געלעגער האַלב-אויף, האַלב-וואַך.
דעמאָלט שווימען אין די ווייסלען צוויי טרערן.
זעסטו, ווען עס קומט צו אַ טרער
לאָזט זיך נישט זײַן קיין גיבור!״.

מו.

מ׳לערנט „שופטים״, מ׳לערנט „שמואל״ —
סאַנע הענגט פאַרטשעפּעט אויף אַ בוים
און גליט מיט די עפּל קעגן דער זון;
קערט זיך אום מיט אַן אָפּגעצויגן היטל.
ר׳פלעגט תמיד באַצאָלן טײַער
פאַר רײַסן פולע קעשענעס פלוימענדיקן פײַער.
ר׳האָט זומער פאַרנאַכט נישט געקאָנט רוען,
ווי ס׳וואָלט אים „שמואל״ געטריבן צו געפאַרן:
צו שטיינער, צו שטאַבעס, צו חדרדיקע שלאַכטן.
אויף שקצים האָט ער זיך געלערנט זיין „דוד״,
ווי אַ ווינט קעגן זיי זיך געשטעלט און געפרעגט:
— פון וואַנען ביסטו, עשׂו-יאַשעק?
— איך בין דער זון פון עמלק!
— ווי האָסטו געוואַגט אויסצושטרעקן דײַן האַנט,
אומצוברענגען דעם געזאַלבטן פון גאָט? —
סאַנע האָט צו די יונגען גערופן:
— גענענט, באַפאַלט די עמלקים!

מז.

ס'איז אים שווער געווען די ריישער ערד.
רק ר'האָט צום לאַנד פון די סדרות געבענקט
מיטן גאַנצן חומש וואָס ר'האָט געקענט.
אַ ייִנגל דאַרף מקיים זיין וואָס ר'האָט געלערנט;
אַרומגיין ווי עמוס צווישן די חדר־יונגען,
שטראָפן און רעדן,
רעדן און שטראָפן:
„גייט אויף די בערג פון שומרון;
זעט די גרויסע מקומות דערין!
ווי ס'איז אַ פּאַסטעך מציל פון לייבס מויל
אַ פּאָר קני צי אַ לעפּל פון אַן אויער,
וועט ישראל זיך מציל זיין דאָרט.
קומט יונגען קיין שילה מיט מיר
און ברענגט אייַער שלאַכט־אָפּפער!

ניין. ער וועט נישט רוען, סאַנע,
ווי ס'רוען אין אים נישט די נביאים!
ר'וועט ווי זייַן זיידע צופוס, צו־באַן,
פון דער שטוב אַוועק אין לאַנד כנען.
אַ ירושה אַזאַ איז אין זיין בלוט פאַראַן.
ר'וועט אַוועק מיט אַלע וואָס זענען באַנאַנד מיט אים
געגאַנגען דורך שופטים, שמואל, מלכים —
מיט אַלע וואָס האָבן באַנאַנד מיט אים
צווישן שטעכיקע געוויקסן און פּאָקשעוועס געבריט.
וואָרים אין „מלכים" האָט ער זיך געלערנט
טראָגן דאָס שטאָלצע פייַער פון ישראל,
וואָס האָט געצאָרנט און געשלאָגן מואב.
שטעט האָבן זיי צעשטערט!
פעלדער מיט שטיינער אָנגעפילט!

אַלע קלינגענדיקע קוואַלן פאַרשטאָפּט!
פּרוכפּערדיקע ביימער אויסגעריסן!
די מויער־שטיינער פון קיר־חרשת
פאַר אַ זכר געלאָזט.

ווי פון יענעם פאַרצײַטנס איז סאַנע געקומען;
זיך געפילט שטאַרקער פון דעם מלך פון מואב.
ראַזעווע, פּראָסט איז זיין געזיכט,
ביינערדיק — דער וווקס, קנאָכיק — די באַק,
סאַנע איז אַ שומר אין בני־ברק.

מח.

ווי ר'וואָלט געקומען פון דער מעשה ברבי אליעזר,
האָט סאַנע תמיד צו יענעם חלום געוועקט.
ער איז מיט ברענענדיקע יונגען אין פעלד אַוועק.
דאָרט זענען שומרותקעס אָנגעקומען, ווי די טעכטער פון מואב,
מיט צעלאָזענע האָר אויף בלויזע אַקסלען.
און ער, סאַנע, האָט ווי אין „שופטים" זיך געפונען:
ר'איז ווי אלימלך אין מואבער פעלד אָנגעקומען.
ער טראָגט אין זיך אי דעם גיפט, אי דעם האָניק
פון די בייזע מלמדים, פון די אומעטיקע חדרים —
און האָט פון משלים מויל די רייד פאַרנומען:
„נייג, מיין זון, דיין אויער צו מײַנע ווערטער.
זאָלן זיי זיך נישט אָפּטאָן פון דײַנע אויגן;
היט זיי אין דיר —
לעבן זענען זיי פאַר די וואָס געפינען זיי;
אַ היילונג פאַר זייער גאַנץ לײַב זענען זיי.

און סאַנע האָט אַ היילונג אַזאַ געפונען.
ר׳גראָבט און שלאָגט די בערג פון יהודה,
און מיט יענעם אָפּגעשפּרונגענעם אָפּפאַל,
פלאַסטערט ער וועגן דורך זאַמד און שטערן.
אין די פערלדיקע נעכט פון קידוש-לבנה,
ליגט ער אַ העלער אויף שטיינער צוקאָפּנס —
אָבער נישט אין חלום פון יעקבס לייטער;
אַזעלכעס איז געווען שיין אין רבינס חומש —
איצט וויל ער פשוט רו, פשוטע בענקשאַפט;
איבערשפּרינגען מיט די אויגן אַלע שטערן;
אַראָפּפאַלן אויף אַ רגע אין דער היימישער שטוב;
זען, ווי ס׳בענקט נאָך אים דער טאַטע, די מאַמע, —
פון אַזעלכעס אַנטלויפן קאָן נישט אפילו סאַנע!

מט.

זאָל עס זײַן, אַז דאָ אין שטילן בלוי —
דאָ אויף די דינע זאַמדיקע ווײַטן —
האָבן די מלכים פון יהודה געטראָטן?

זאָל עס זיין, אַז העט אין מדבר איז אַרויס ס׳קול:
— הערט, איר הימלען, פאַרנעם, דו ערד? —
אַז דאָ-אָ איז געווען די זעונג פון ישעיה?

זאָל עס זײַן, אַז דאָרט — איבער די בערג פון ירושלים,
האָט גאָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו ירמיהון,
אים געזאָגט: ווו איך וועל דיך שיקן — זאָלסטו גיין;
וואָס איך וועל דיר באַפעלן — זאָל דײַן מויל רעדן;
זאָלסט נישט מורא האָבן פאַר זיי,
וואָרים איך בין מיט דיר, דיך מציל צו זיין!

ווען כ׳בין צווישן די פּאַרטריבענע ביים טייך כבר געווען,
האָבן די הימלען זיך געעפנט און האָב געזאָגט יחזקאל,
און אַלץ איז געווען וואָר — כ׳האָב דערפילט די נביאים.

ג.

סאָנע, די חלוצים מיט אים,
האָבן זייערע געצעלטן אויפגעשטעלט
אַלעמאָל אויף אַן אַנדער אָרט, אַן אַנדער פעלד.
אונטער די פּיס האָט דאָס זאַמד געגליט —
און זיי האָבן וועגן צום מזרח פון ים געשניטן;
אויף קילע הימלען, אויף קילע נעכט געבעטן.
בלויז אין „עבדים היינו" איז מען קנעכט געווען,
אָבער דאָ?
דאָ איז פון עבדים געוואָרן חלוצימדיק געזאַנג;
אַ ראָד פון פייער, אַ ראָד פון געשלאָסענע הענט;
אַ האָראַ וואָס שפּרינגט ווי דער פלאַם וואָס ברענט.
די ווייסע מיידלישע העלדזער ציִען אַרויף,
די אָדערדיקע מאַנסבילן ציִען אַרויף
צום גרינעם שוים פון די העלע וואָלקנס ביינאַכט.
אַלץ איז צעהיצט — די בינטלעך גריוועס האָר,
אַלץ איז צעקעמט — די הייסע צעלאָזענע צעפּ;
אַזוי זייערע העמדער, די פּאַרריסענע קעפּ;
די פלאַטערדיקע בוזימס לויפן אַוועק
פון די באָרוועסע טעניץ וואָס שטויבט די ערד,
ווי יאָגנדיקע קלאָענס פון צעהיצטע פערד.

דאָס ראָד פלאַמט נישט מער — ס׳גליט.
די חלוצים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי ליים, מיד.
מ׳זיצט איינער אין אַנדערן, ווי געפלאָכטענער וואַקס.

שטיל זענען די גרויסע גרינע שטערן איבער זיי.
פאַר דער נאַכט איז דאָס ווײַב באַשאַפן,
פאַרן ווײַב איז דער מאַנסביל באַשאַפן
פון אדם־חוהס גן־עדן אָן.
אַזוי האָט מען די תורה מקבל געווען
דאָ, נישט ווייט, אונטערן הימל בײַם הר־סיני.
סאַנע, די חלוצים מיט אים, זענען געווען דערבײַ.
והא־ראיה —
ס׳פײַער פון זייערע בלוטן, פון זייערע הערצער
וויקלט זיך אין זיי, ווי די שלאַנג,
און רעדט איטלעכן צו צום עץ־הדעת —
אַלע ברִיענדיקע עפּל טלִיען־אײַן אין אַש.

נא.

געדענקסט, סאַנע,
„זשיטשע זשידווו פּאַלעסטיני״ אין קינאָ „אוראַניאַ״? —
מיט וויפל שרעק, ס׳זאָל קיינער נישט וויסן,
האָבן מיר זיך אין יענעם קינאָ אַרײַנגעריסן!
טאַטעס אַזעלכע, ווי דײַנער, ווי מײַנער,
זענען באָרוועסע מיט בערד און פּיאות געשטאַנען;
די גרויסע געלע לבנות פון פּרדסים געריסן
און זיי אין פּלים־פּאַפּיר גיך געוויקלט, געפּאַקט.
אין אויג האָט געשווינדלט דער ראָזעווער קאָליר
פון זוניקן לאַנד, פון די ווײַנשטאָקן, פון די טרויבן.
געדענקסט —
די איבערגעקערטע ערד פון אונטערן חלוצס אַקער?
דאָס איז געווען דער שוויס, דער צאָרן;
די גרינע ציטרונען פון באַוואַסערטע יאָרן.
ביידע זענען מיר, פון בענקשאַפט צו פאָרן אַהין,

דעמאָלט פון קינאָ טרויעריק בײַנאַכט אַהיים;
די טיר פון דער שלאָפנדיקער שטוב פאַרריגלט,
און דערנאָך איינגעשלאָפן אין חלום פון ציון.

זינט יענער נאַכט האָסטו, סאַנע, רוען נישט געקאָנט;
קיין „פּאַלעסטינע" צו פאָרן רק געבענקט.
אָן אומעטיקער ביסטו צווישן יונגען אומגעגאַנגען;
געשטאַמלט, גערעדט: וועסט איבערן ים אַוועק —
שפּעטער ביסטו פון די סדרות אַרײַן קיין כנען;
אַראָפּגענידערט צום טאָל פון ים־כנרת,
דערנאָך — צום ים־המלח —
און דאָס איז געוואָרן דײַן לאַנד
מיט אַלע געמאַרקן פון דאָ, פון דאָרט,
ווו משה האָט אָנגעוויזן דאָס אָרט.

נב.

מסעי —
און דאָס איז געווען אין דער צײַונג פון ריישע.
און דאָס איז געווען אין דער צײַונג פון די יונגען:
זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון יענעם פינצטערן לאַנד.
אין דערשראָקענע מחנות זענען זיי געגאַנגען
און געצויגן, ווי פון רעמסס, אין חודש ניסן.
אַלע שנייען, אַלע טייכן האָבן אויפגעטייעט
און אַרײַן איז די זון אין הארץ, אין די אויגן.
לײַכט איז געוואָרן אין קאָפּ, לײַכט דאָס געמיט —
חלוצים, חלוצות האָבן זיך געוויקלט אין ליד:
— אויפן באַרג מוריה דאָרט
ירושלים!
ירושלים!
מיין טײַער הייליק אָרט!

וואָס איז דאָ דער חילוק וועמעס באַן ס'איז?
דער עיקר — זי פאָרט העט, העט צו מזרח,
ווו דער הימל ווערט רויט און גרויס פאַרטאָג.
וואָרים ווו נאָך הייבט זיך אַ הימל אַזוי אָן,
אַז נישט ביי די בערג: מוריה, כנען, יהודה?
פלאַטערט, איר בלויזע העמדער פון די יונגען!
פלאַטערט, איר לויזע בלוזעס פון די מיידן!
אָפּענער ווערן די ווייטן — קיל־בלוי ווערן זיי
פון די באָרטנס: מאַרסעי, גענוּאַ, נעאַפּאָל.
וואָר, מ'איז נישט געוווינט צו יענעם לופטיקן זאַלץ.
מ'איז נישט געוווינט צו יענעם בלינדן נעפּל,
צו די שיפן, וואָס וויגן זיך ווי נחס תיבה אויפן וואַסער,
צו די מעוועס, וואָס פליען גרוי פאַר די אויגן.
ניין. גאָרנישט איז דאָ היימיש, גאָרנישט נאָענט;
נישט דאָס גרין, וואָס שווימט אָפּ פון זייער שיף,
נישט דער האָגל. וואָס לויכט ווי שוועבל פון דער טיף.
דער עיקר — זיי פאָרן צו דער זון.

ג.

ווען האָט אַ ריישער יינגל געהערט פון ימען,
חוץ פון משה רבינוס געשפּאָלטענעם ים? —
איצט, אַז מ'איז אויף אַן אמת אויפן ים,
טוט זיך אָפּ פון דיר יענער ברען, יענער חלום.
מ'האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס מ'האָט זיך געשראָקן,
פאַרוואָס ס'האַרץ, די אויגן זענען שווערער געוואָרן.
יענער לוסט, דער געמיט איז איצט נישטאָ דערביי.
דאָך עפּעס, וואָס מ'האָט קיינמאָל נישט געזען,
דאָך וועט מיט איטלעכן עפּעס געשען!

אויפן ים־התיכון טראָגט זיך די שיף ווי אַ ברעט.
ווי אַ חלום ווערט זיי די היים, די וויַיטע שטעט.
ביסלעכווייז אָפּגעשלאָפט ווערן זייערע געזאַנגען.
פאַר די אויגן דרייען זיך די וואַסערן, די שטערן.
ווו איז אַהינגעקומען כאַסקל, סאַנע, סראָלקע?
ערשט האָבן זיי דעם שטראָמיקן ווינליק געשניטן;
מיט געזונטע ליַיבער דעם ברעג צוגעשווימען.
ווי לאַנג ווי ס׳האָבן די בלוטן אין זיי געיאָגט?
און אויפן שיף, דאָ — זע, ווי געליימט זיי ליגן
אויסגעלאָשענע, אָן לעבן, אָן טויט אויפן דעק,
פאַרשעלטן דעם טאָג, וואָס זענען פון רייַשע אַוועק.

גיט, וואָס די ערד שטייט נישט אויף אָן אָרט,
וואָס די וואַסערן דרייען זיך צום פאָרט.
נישט זיי — דער ים־התיכון ווערט שוואַך.
די הימלען, די וויַיטן געהערן שוין צו דיר;
הייבסט אָן זען די דינקייט פון הר־הכרמל.
פון שעה צו שעה ווערט נענטער דער בלאָ
פון פאַרנאַכט, דער בלאָ פון אָוונט —
און גייסט צוריק אַריין אין ראָזעווון חלום
פון ובכן ויהי בחצי הלילה.
אין גאָלד פון זאַמד גייען אום די קעמלען;
כ׳וויגן זיך אויף זיי — רבי יוסי הגלילי
און תנאים פון בני ברק און פון יבנה.
ס׳וויגן זיך אויף די הויכע קעמלען
רבי אליעזר, רבי עקיבא און רבן גמליאל.

אַ חלום איז צוגעשווומען צום צוגעזאָגטן לאַנד.
חלוצים זענען אָפּגעשטיגן אויפן גאָלד פון זאַמד.

נד.

נישט ארץ־ישראל מאַכט אים טרויעריק.
די ערשטע בענקשאַפט דאָ מאַכט אים אומעטיק.
ר׳פילט זיך נישט ווי אין דער סדרה ביים רבין.
אוודאי איז אייגן דאָס שטיקל ערד,
וואָס איז פון יינגלווייז אויף באַשערט.
דאָך ווערט עפּעס אין אים שווער,
ר׳ווייסט נישט פאַרוואָס ס׳פּרעסט אים די טרער.
ס׳איז נישט ווין און ס׳איז נישט פאַריז —
ס׳איז מער ווי אַ פאַרבענקטע טרער.
אַז מ׳איז אַ יינגל אַוועק פון דער היים,
איז אומעטום טרויעריק צו זיין.
דאָך האָט סאַנע אויף דעם אָ חלום געוואַרט;
ס׳אבותדיקע לאַנד האָט אים נישט גענאַרט.
אַנדערש איז ס׳ערשטע געלעגער אין עמק־יזרעאל.
ר׳הערט ס׳צעצויגענע געוויין פון שאַקאַלן;
ר׳זעט זייערע אויפגעגליטע שטערן
פון נאַכטיקן זאַמד לויכטן —
רויִק און זיכער שטייען די בערג אַרום,
און סאַנע פילט נישט ווי אין ריישע די שרעק.
ער אַליין האָט צו אַזעלכעם געוועקט;
אַלעמען גערופן צו דער גלילער זון;
אין די פאַרנאַכטיקע פעלדער געזונגען דערפון,
טאָ פאַרוואָס זאָל ער „פּאַלעסטינע״ נישט קאָנען אויסשטיין?
אַז אַלץ אַרום איז יחזקאל, קהלת — ווייסט ער!

טאָ פאַרוואָס זאָל ער נישט קאָנען בייַקומען צוויי טרערן
אין אַ קילער נאַכט פון פערלדיקע שטערן?

נה.

סאַנעם ערשטע טרויעריקע בריוו —
ווער אינדערהיים האָט זיי נישט געלייענט?
נישט צו טאַטע־מאַמע האָט ער געשריבן,
נייַערט צו לייבושן וואָס איז אין ריישע געבליבן:
„לייבוש, חבר!
כ׳בין נישט מער דער ווי אין ריישע.
נישטאָ מער דאָס פייער, וואָס האָט געוועקט.
ס׳פאַלן אויף מיר שווער די היגע נעכט.
געדענקסט דעם לעצטן טאָג ביי דער באַן;
דעם פאַרריסענעם שטאָלץ אין זוניקן פעלד?
אַנדערש איז ווען מ׳גייט פון חלום צו וואָר!
רוי זענען די וועגן אין זאַמדיקן ארץ־ישראל.
אין די אויגן שטעכט דער הייסער ווינט, די זון,
ווער ווייסט צי ס׳וועט עפּעס ווערן דערפון.
קרייטעכער און געוויקסן זענען דאָ אויסגעדאַרט,
אַ רחמנות אויפן בידנעם אייזעלע וואָס דאַרט.
כ׳שרייב דיר, לייבוש, נאָך די ערשטע נעכט.
כ׳האָב אָבער ליב דעם קילן בלוי פון הימל;
די שטיינערנע בערג פון יהודה, פון חרמון.
וואָר, מ׳גיט אונדז דאָ כוח און בטחון;
מ׳שטאַרקט אונדז נישט טרויעריק צו ווערן.
אָנפאַנג לאָזט איטלעכער אַ פּאָר שטילע טרערן.
זיכער, כ׳וויל מער נישט פאָרן צוריק;
כ׳וועל ווי ס׳איז אויסשטיין די ביטערע ווינטן!
און דו, לייבוש,

מעגסט פונדעסטוועגן זיך גרייטן!
דאָך אייגענע ערד, אייגענע וואָר,
להתראות בארץ ישׂראל".

נו.

קאָן זיין, ווען סאַנע וואָלט — אַנשטאָט קיין פּאַלעסטינע —
קיין אַמעריקע געפאָרן,
וואָלטן זײַנע בריוו ליכטיקערע געווען.
איבריקנס, ווער ווייסט וועמען מקנא צו זײַן?
ר'איז גרייט געווען אויף ביטערע טעג.
גאָט האָט אויך די וועלט נישט באַשאַפן מיטאַמאָל!
מיט סאַנעס טעג וועט זײַן ווי אין בראשית.
פון זייער פינצטערניש וועט ווערן ליכט,
פון די וויסטענישן וועט ווערן ערד, וואַסער;
פון די זאַמדן וועלן שפּראָצן שטענגלעך טרויבן,
פײַגן און טייטלען און געלע פּאָמעראַנצן.
זבת חלב ודבש,
איז געווען דאָס וואָרט פון גאָט.

סאַנע וועט אַהין צו די בערג פון נפתלי,
האַקן דעם האַרטן קופּער פון די פעלדזן,
וואָס שפּריצן מיט פײַער, היץ און דורשט.
ר'וועט גיין נאָך די שראַמען פון פאַר אים;
אויפשטעלן מושבים ווי די טבע פון חלוצים
מיט אַזאַ שווײַם פון טרויער און געזאַנג
אין די טאָלן פון לאַנד:
פון די בערג וועט אָפּשפּרינגען רויטער צעמענט;
ברכי־נפשדיקע וואַסערן וועלן זיך גיסן אַראָפּ.

ניין! ר׳איז נישט אַליין, סאַנע —
ר׳איז מיט עקשנותדיקע יונגען און מיידן,
אַזעלכע, וואָס זענען שטאָל, זענען אײַזן —
אַזעלכע, וואָס זענען כוח, זענען גבורה —
אַזעלכע, וואָס זענען ס׳ליכט פון ירדן בײַטאָג —
אַזעלכע, וואָס זענען דער שפּיגל פון כנרת בײַנאַכט.
אָפן דאָס העמד מיט שטאַרקע האָר שטייען זיי,
ווי שמשון צווישן מאַרמאָרענע זײַלן צוויי.
נישט צו לאָזן אויף דער ערד אַ טרער,
איז סאַנע פון אַ חלום געקומען אַהער!

נז.

ווי איז דאָס אָרט פון טאָליקן דאָרף.
פאַרנאַכט ווערט פון די שאָף רויטער גאָלד.
ס׳פאַלט דער אָוונט צו מיט זילבערנעם טוי,
מיט גרויסע גרינע שטערן פון דרימלדיקן בלוי.
איבער די צעוואָרפענע בערג, איבערן שמאָלן כביש,
גייט די יונגע לבנה אויף ווי דער האָרן פון אַ הירש
און שווימט אַלע פאַרחלומטע פאַסטעכער פאַרביי
איבערן הר־כנען.

מ׳האָט זיך צעשיידט אין לבנות, אין זונען.
מ׳איז צעוואָרפן אונטער די שטערן.
נישט ווײַט איז ביילקע, חייקע, סורקע, מאַניע —
נישט ווייט איז כאַסקל, סראָלקע, אַרטשע, סאַנע —

מ׳האָט זיך צעשיידט אין דער אייגענער ווײַט.
מ׳איז אומעטום ווו משה האָט געהייסן גיין;
וווּ ר׳האָט ישראלס קינדער געהייסן אומקערן
צווישן מגדול און צווישן ים.

מ'איז ווו מ'איז אַרוים קעגן די פלשתים;
ווו מ'האָט אײַנגעבראָכן די מויער פון יבנה;
ווו מ'האָט שטעט אויף יענעם אָרט געבויט.

מ'איז צעשיידט — מ'איז אין אשקלון,
וואָס איז ווי אַ זכר פון די פלשתים געבליבן
ביזן געמאַרק פון עקרון צו צפון.

מ'איז צעשיידט — מ'איז אין עכו,
ווו אָשר האָט די בײַוווינער נישט פאַרטריבן
און איז געזעסן צווישן דעם כנעני פון לאַנד.

נח.

פון די צעשיידטע טאָלן, פון די בערג —
פון די צעשיידטע זונען, פון די לבנהס,
זינגט אַרוים דער שוויים און דער כוח
פון די חלוצים און פון דער ערד.
אַלע אין דער פרי גייט מען שרעגנעגווייז אַרוים
מיט באַלאָדענע אַקסלען, מיט אָפענע ברוסטן האָר —
אַקערן און זייען די בראשיתדיקע וואָר.
ס'איז נישט דער בראשית פון חדר — ווען
אַן אויסגעשטערנטע שרעק, אַ ווײַסער ווינט,
האָט דיך פון געלן רבין געפירט — אַ יִינגל בלינד.
ס'לעמפל־ליכט האָט געשאַרט פאָרויס
די אָנגעפעלצטע שטיוולדיקע פיס,
און סטאַשעקס קאָלן־שניי האָבן געבריט אין געזיכט,
ווייל ביסט דורך שנייִקן פראָסט
געגאַנגען מיטן לאַמטערן צו גאָט.

איצט —
פאַרוואָס זאָל ס'האַרץ נישט זײַן ביי דײַן ערד,
וואָס יענע ווינטערדיקע שרעק האָט דיר באַשערט?
אוודאי
שטייט נישט די מאַמע דאָ מיט אַ פריש העמד.
ס'איז אָבער אָנגעלייגטער ס'שטיקל געלעגער,
אַ שוך, אַ רעקל, אַ מינדסט שטיקל קלייד,
און ביסט אפילו אויף עפּעס ערגערס גרייט!
איבריקנס — וואָס מער דאַרף אַ מענטש?
— רויִקע נחלה אויף אַן אייגן פּיצל ערד!
בפרט, ווען דאָ האָבן די ישראלים
געשלאָגן די מלכים פון לאַנד
און געאַרבט די זון פון ארנון ביז חרמון —
ווו נאָך קאָנען רויזן אַזוי בליִען?

נט.

אָ, איר, וואָס זענט אַוועק מיט אַזויפיל פּלאַם,
ווי אַ שוימיק ברעט זיך געטראָגן אויפן ים,
די האַרפּעס אײַערע ביים ריישער ווײַסלאָק געלאָזט
און ביי אירע זומער-טייכן געשוווירן:
„אָפּדאַרן זאָל מײַן רעכטע האַנט,
אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים!".
אָ, איר, וואָס זענט אַוועק צום דורשטיקן ווינט
מיט רענצלעך וועש און פאַרנייטע בריוו,
אין וועג אַריין גענומען טאַטע-מאַמעס טרערן
פאַרן מדבר פון לבנון,
פאַרן טייך פרת,
ועט איר אייערע געמאַרקן דאָ שטעלן!

סאַנע — בראַנדזוענער יונג!
סראָל — דינער בלאָנדער יונג!
מיין נישט, אינ׳אַמעריקע איז נישט טרויעריק.
דאָ האָט מען ס׳ביסל יאָרן פאַרשעמט,
דאָ האָט מען זיך אליין פאַרפרעמדט.

כ׳ווייס, סאַנע —
ס׳זענען שיין די נעכט פון חלוצים.
ווי פלאַמען וויקלען זיך יונגען און מיידן
אין געפלאָכטענע הענט, אין באָרוועסע פיס.
אייערע לידער בריִען אויפן זאַמד
אין האָפּעררדיק בויען, אין האָפּערדיק לעבן.
ביינאַכט פאַלן־צו די גרויסע קילע שטערן
מיט פייכטן זילבער־טוי אויף האָר
און אייערע „האָראַס" צינדן אָן דעם גלי
פון רויטן אינדערפרי.
כ׳ווייס, סאַנע —
אין כנען איז דין דער טרויער.
ביי דיר, אויף די בערג פון גלעד,
איז נענטער צו גאָט.

ס.

פון טרוקענע זאַמדיקע פעלדער שלאָגט היץ
אויף געזיכטער, אויף שווערע האַריקע הענט,
אויף גייענדיקע אַקערס, אויף גייענדיקע אייזלען.
דאָ, אין די פעלדזיקע טאָלן פון גליל,
אין זונאויפגאַנג, זונאונטערגאַנג ביים ירדן,

װעלן בליִען די װײַנשטאָקס, די אײלבירטן.
פונעם באַרגלאַנד װעט װערן װײַנלאַנד;
װעט װערן רױטער טרױבנזאַפט.
װי אין יעקבס ברכה,
װעט סאַנע זײַן אײזל בינדן צום װײַנשטאָק
און צום װײַנצװײַג — די אײזלין;
װאַשן אין װײַן זײַן קלײד,
אין טרױבנזאפט — זײַן אױבערציר.

און זײ,
די הײמישע יונגען, שאָטערן־אױס די שטײנער;
שטעלן מױערן פון לײם געמישט,
װי אין די טעג פון ישעיה.

און נישט נאָר װײַנשטאָקס —
שטעט און דערפער האָקן זײ פון בערג.
מ׳איז דאָך געקומען באַפרוכפּערן ציון!
מ׳איז דאָך געקומען אױסשפּרײטן אירע ימען,
נישט װי אין חלום פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען —
נײַערט שיפן זאָלן אין פרידן פאָרן האַנדלען.
איצט, װאָס טוען די פון דער מאַמעס װיגעלע?
װאָס טוען די חלוצים פון שנײ־װײַסן לידעלע?
זײ שטײען אין דער האַלבער זון,
זײ שטײען אין דורשטיקן פײַער
און לאָזן זיך אַראָפּ צו די לאָגלען
נאָך אַ לעכץ װאַסער.

כא.

אױף יעדער נײַער ערד
איז שװער דאָס װאָס איז באַשערט.

ווילד זעען־אוים די בעדויִנער
מיט די פארלייגטע קני אונטערן הימל.
אין זאמד זיצט א האלבער קעמל;
א בײַכערדיק ווײַב בײַ א בײַכערדיקן קרוג.
די היילן זייערע פון שטרוי און ליים
דערמאָנען אין פרעה במצרים.
ליולקעס רויך שווימען אום
אין וואָלקנדיקן חלום.

מיט אזעלכע אויגן קוקט אויף זיי א יִינגל,
ווען ר׳קומט אהין זיין נחלה ארבן.
עפּעס ענלעכעס איז אין די ספרים באשריבן,
ס׳איז אים פון יהושע בן־נון פארבליבן.
אויף אלץ ארום דאָ קוקט ער ווי פון חומש,
ווען ר׳איז פון „וישב" געגאנגען ביינאכט
און דער שניי איז געווען ווײַס און לאנג;
דער פראָסט האָט געלויכטן ווי גלאָז,
— פּארדאָס
קוקט סאנע אזוי אויפן לאנד פון די אָבות!

סב.

ווו זענען זיי, די איבערגעוואקסענע חלוצים
פון די גרויסע חדרים, פון די געזונטע יארידים;
די וואָס האָבן גימנאזיעס איבערגעלאָזט;
קיין פאלעסטינע אוועק מיט האפערדיקן טרויער;
אויף שטענדיק פארהאקט נאָך זיך די טיר?
אין אקערס זענען זיי אויסגעשפּרייט
איבער די בערג, איבער די טאָלן פון חומש,
איבער די צעוואָרפענע פלוינען פון שומרון,

איבער דער שטילקייט פון שאָפּענעם גליל,
בײַ די קילע ברעגן פון שפּיגלדיקן ירדן,
איבער די שטיקלעך וועגן פון שכם, פון ירושלים,
בײַם זונאויפגאַנג, זונאונטערגאַנג פון בית־לחם.
דאָ־אָ טאַקע, אויפן וועג קיין אפרת
איז די מוטער רחל געשטאָרבן
פונקט ווי אין משה־אריהס חדר,
ווען פון זײַנע פּראָסטיקע וואַלד־שויבן
האָט אָפּגעקלונגען דער פאַרצויגענער ואני...
„און איך, אַז כ׳בין געקומען פון פדן,
איז מיר געשטאָרבן רחל אין לאַנד כנען״.
ווי זאָלסט אַ וועלט נישט האָבן אויסגעוויין,
וועט דיר יענער טרויער תמיד נאָכגיין
און וועסט דיך אַלעמאָל אומקערן צו דברים:
ווי גאָט האָט דאָס לאַנד איבערגעגעבן
צו דיר און צו דײַנע זאָמען נאָך דיר.
אָ, איר חלוצים פון בית־לחמדיקן טרויער,
צו אײַער לאַנד האָט איר זיך אומגעקערט
לײַכטן ווי די שטערן איבער אײַער ערד!

סג.

וואָר, זעסט נאָך זאַמד מיט ערד געמישט,
פאַרוואַלגערטע פּרדסים פון חומש.
פאַר דאָס פּלייצן שוין אויפגעגראָבענע וואַסערן,
ריזלען שוין קוואַלן פון בערג אַראָפּ,
און עסן זיך אײַן אין די רינשטאָקס פון מדבר,
באַפּײַכטן און באַטײַכן די שטעכיקע געוויקסן
פאַר טרויבנדיקע צווײַגן, זוניקע פײַגן.
וואָרים שוואַרץ איז די ערד פון עין־גדי
און פעט איז זי מיט בורא פּרי...

אַ, דעמאָלט, אין ראש חודש אָדר —
לויז פון דער זון איז געוואָרן דאָס אײַז.
פון דעכער האָט זיך געהויבן די פּאַרע.
די רינוועס האָבן געקלונגען מיט צעלאָזטן שניי —
אַ לוסט האָט געוועקט שלמה המלכס געזאַנג:
„וואָר, איך בין שוואַרץ, אָבער שיין.
אַ, איר טעכטער פון ירושלים!
נישט קוקט אויף מיר וואָס כ׳בין שוואַרץ,
דאָס האָט די זון מיך אַזוי אָפּגעברענט.
די זין פון מיין מוטער האָבן געצערנט אויף מיר;
האָבן מיך אַ היטער פון די ווײַנגערטנער געמאַכט,
נײַערט מיין אייגענעם ווײַנגאָרטן האָב איך נישט געהיטן".

אַ, דעמאָלט אין יענעם חודש אָדר,
זענען זיי חלוצימדיק אַרום קיין שרון
ווערן אַ ליליע אין די בערג, אין די טאָלן,
היטן די ווײַנקאַמערן פון שיר־השירימס אוצרות.

סד.

מיש דעם סידור, די הגדה, די צאינה וראינה —
וועסטו אַן אויסגעבריטע טרער געפינען.
כ׳האָב אַליין אַ טרער אַזאַ געזען פאַלן ביי דער מאַמען
אויף „וירעו אותנו המצרים"
און אײַנטריקענען אין פּרעהס ליים
אויפן פאַרגעלטן בלעטל — עד היום.
אַלע פּסח טרערט אַרוים פון דאָרט די מאַמע:
„קנעכט זענען מיר געווען ביי פּרעהן,
ויוציאנו —
און גאָט האָט אונדז אַרויסגעצויגן

גישט דורך אַ ברענענדיקן מלאך,
נײַערט מיט זײַן כבוד, ווי אין פסוק שטייט".
אַזוי האָט די מאַמע געקלאָגט און געזאָגט.
דעם טאַטנס קיטל האָט אין פענצטער געטאָגט
און ס'מה־נשתנה־ייִנגל איז אַרײַן אין שלאָף,
אין חלום געוואַרט אויף אליהו הנביא,
ר'זאָל פאַר אים אויפמאַכן די טיר
און זען ווי דער כוס־ווײַן גיט זיך אַ ריר.
אָז רוב נסים —
ס'ייִנגל האַלב אין וואַך, האַלב אין דרימל,
האָט געוואַרט — דער נס פון הימל
זאָל אים פירן, דורכן מדבר, דורכן מן,
קיין כנען.

סה.

ווער צעשטעלט דאָ די שומרים ביינאַכט?
סאַנע טיילט איטלעכן צו אַ שטיקל וואַך —
און מ׳היט ס׳ביסל שרעק פון דער פינצטער.
אבנר נעמט איבער די וויַיט פון מירון;
גבריאל — די געפלעקטע בערג פון מוריה;
אָשר — די שווימענדיקע וואָלקנס פון דגניה;
בנימין — דעם כנרתדיקן טאָל פון טבריה.
סאַנע וצפורה בלייַבן ביַי די בלויע פייערן
אויפן הר־כנען.
אַלע טבריהער שטערן לייַכטן אריַין אין כנרת
און בייַטן זיך אין זילבער, אין גרינעם לייש,
סאַנע און צפורה זענען דער עמוד־האש.
ס׳איז וואַך יעדעם בערגל, יעדעם שטיינדל —
איטלעכעם מאָל בליצן־אָפּ שאַקאַלעדיקע אויגן
און ס׳ווערט אומהיימלעך פון וואָלפישן שוויַיגן,
וואָס זינקט אין מדבר אין אימהדיקן זאַמד —
איבער די שומרים וואַכט גאָט אַליין.

סו.

סאַנע און צפורה — יונגע שומרים צוויי,
היטן די פייַערלעך פון אויסגעשטערנטן בלייַ.

ביידע, זענען איינער צום אַנדערן וואַך
מיט פיבערדיקן פּחד.
זייערע פּנימער גליִען צו דער ווײַט,
מיטן געצילטן שרויט גרייט
צו די פלוינען פון ליל־שימורים.
סאַנע און צפּורה ווי איין בראַנד,
שטייען אין דער הייך פון לאַנד.
פאַרטאָג קערן זיי זיך אום, באַשירעמטע היטער,
און לאָזן נאָך זיך די געזיכערטע גיטער.

איבער די רויטע וועגן פון קילן בלוי,
צעגייען זייערע לידער אין פרישן טוי.
און נאָך זיי
ציִען שנירלעך אייזלעך צו די געמאַרקן
פון די היילן, פון די בערג, פון די טאָלן.
און די זון?
זי הייבט זיך איבער זיי שאַרלעך גרויס
פון הינטער גליל אַרויס.

אין אַזאַ לערן אינדערפרי פון אַת־ברי,
קלאַפּן ליימענע קריגן בײַם ברונעם,
הירזשען אייזלען, קעמלען בײַם ברונעם,
קלינגען קילע גרעטן בײַם ברונעם
און מיינסט,
זעסט רבקהן מיט די ווײַבער וואַסער שעפּן,
זעסט די מאָרגנדיקע שאָף אָנטרינקען.
אויף אויפגעוויקלטע קעפּ,
זיצן הויך געלע ערדענע טעפּ
און מ׳גייט שורותווייז, באָרוועסווייז צו דער זון
מיט אַלע נפשות ווי קיין גושן.

אין חודש אָדר ריזלען אַלע וואַסערלעך.
אין חודש אָדר גייען חלוצים צו דער ערד אַרויס,
ווי דעמאָלט, ווען מ׳האָט זיך געלערנט אין פעלד
איידער מ׳איז פון חלום אַרויס צו דער וועלט.
צפורה —
ווער קאָן פאַרגעסן איר רויטהאָריקן ברען —
איר פריזור ווי מיט פייַער פאַרקעמט ?
אין יענע טעג האָבן קאַשטאַנעס פריש געבליט.
אויף דער „פאַנסקע״, אויפן שפּאַציר,
פון שומרותקעס מיט מענערישע האָר,
וואָס האָבן שטאָלצן פייַער געטראָגן פאַר ארץ־ישׂראל.
אַ מאָדנער לוסט אַזאַ האָט געברענט אין זיי,
אַ לוסט, וואָס איז רויט ווי פון פראָסטיקן שניי.
אַלעמאָל זענען אויסגעוואַקסן נייַע טרוימער
מיט צוויקערס, מיט ביכער — לאַנגע, דאַרע.
דער פייַערדיקסטער איז געווען מאיר יערי.
פון יענעם בלוי, פון יענער אויסגעחלומטער פאָן,
האָט אָפּגעפלאַטערט דאָקטאָר יהושע טאָן.

אַזעלכעס האָט זיך אָנגעהויבן אין לופטיקן מאַי,
האָט זיך אָנגעהויבן אויף די „ליסעגורע״ פעלדער.
דאָרט האָט זיך ס׳ערשטע פייַער אָנגעצונדן פון אַ יינגל,
מ׳איז פאַר דער שבועה געווען גרייט צו שטאַרבן.
פון דאָרט האָבן חלומות אויסגעוואַנדערט אין דער וועלט,
פון דאָרט האָט מען טאַטע־מאַמעס אויף אייביק פאַרלאָזט,
פון דאָרט האָט מען היימען צעריסן, הערצער צעבראָכן. —
דאָרט האָבן מיידלשע קליידער אין ווינט זיך געבלאָזן;
דאָרט האָט זיך ס׳ערשטע פייער אָנגעצונדן פון אַ יינגל,

דאָרט איז מען אַרײַן אין רײפן װײץ אויף שטענדיק
און ליבע זיך געשװוירן „פיר אימער אונד עװיג!".

װוּ ביסטו, דינער יינגלינג, — דאָקטאָר פרײלעך?
װוּ זענען דײַנע שבת-נאָכמיטאָגס פון „על פרשת דרכים";
דײַן ליד װאָס האָט האַנטװערקער צום חלום געװעקט?
װוּ איז יענע זון װאָס איז אַראָפּ הינטער דער בריק —
דאָס רויטס, װאָס האָט אַלעמענס אויגן אָנגעגליט?

סח.

אַז מ'קומט פון אַזעלכעס קיין משמר העמק,
אַז מ'קומט פון אַזעלכעס קיין עין-חרוד,
אַז מ'קומט פון אַזעלכעס קיין רמות-נפתלי —
נעמט מען אָן אַלץ, װאָס איז באַשערט
אויף דער װאתחננדיקער ערד.
ס'איז װײַט נישט געװען דאָס,
װאָס מ'האָט נעכט אין דעם פאַראײן געלײענט.
אין קיבוץ דאָ װאַשן העמדער זיך נישט אַלײן,
יעט מען נישט מאַמעס מיט „יאַיכלעך" אַרומגײן.

דאָ גײט מען מיט פריען בלוי אויפן פעלד.
צעבינדט מען בינטלעך עסן אין דער זון
און מ'פאַרבײסט דעם ביסן מיט אַ קילן טרונק.
חלב ודבש — װעט קומען נאָך די רעגנס,
װען אין די פּרדסים װעלן װאַקסן שקיעהס.
סאַנע, אין די פאַרקלעפּטע לײמיקע הויזן —
צפורה, צװישן דערנער און זוניקע רויזן —
װעלן די ציטרוסן רײַסן װי געלע לבנהס
און װעלן זיך אומקערן פאַרנאַכט באָרװעס,

מיט אקסלדיקע קוישן, ווי נעמי און רות
פון די צעדער, ווו „די וואָלקן קיסט״.

אין וויגנדיקע קריגן אויף די קעפּ
טראָגט מען אהיים שטיקלעך שקיעה
און מען ציט אַרײַן
אין די פײַערלעך פון פאַרגיין.
און סאַנע —
ער ברענגט צוריק דעם שווערן גרוי.
ר׳איז פאַרבלאָטיקט, פאַרליימט, פאַרשטויבט
פון היציקן זאַמד, פון ווייקנדיקן זומפּ.
הײַנט — האָט מען פאַרפלאַנצט גראָזן.
הײַנט — האָט מען פאַרשטיינערט שטראָזן.
ס׳זאָלן זיך נאָר נישט שטעלן די ווירבלדיקע טעג,
די זאַמדן זאָלן נישט פאַרשטעכן דעם וועג.

טט.

וואָס איז ארץ־ישראל?

דאָס וואָס מ׳האָט דיר קליינערהייט דערציילט;
דאָס וואָס מ׳האָט אין סידור אַריינגעוויינט;
דאָס וואָס פיש אין וואַסער ציטערן סליחות־טעג;
דאָס וואָס שלאָגט מיט אימה יום־הקדוש בײַנאַכט;
דאָס וואָס איז אין קיטלען, אין טליתים געהילט;
דאָס וואָס שמע־ישׂראל איז געווען פאַרן שײַטערדיקן ייִד!

וואָס איז ארץ־ישראל?

די וואַרימע בענטשליכט פון ליכטיקע מאַמעס;
די אײַנגעטרוקנטע אויגן אין געלן תהילים;

די אַטלאַסענע שלש־רגלים פון מחזורים;
דער קרבן־מנחה, די דינים פון אַלע מינים;
די צאינה־וראינה, ס׳שבת־אויבס. ס׳טײַטש־חומש;
דאָס טונקעלע טישטעך, די שויב צו גאָט פון אברהם!

וואָס איז ארץ־ישראל?

ס׳ייִנגל פון ויקרא, ס׳ייִנגל פון די פיר קשיות;
די פיאות וואָס זענען געפלויגן צו דער קלויז;
ס׳הענטל וואָס איז געלעגן אין טאַטנס האָריקער האַנט;
ס׳שלאָגנדיקע האַרץ מיטן חדרדיקן לאַמטערן בײַנאַכט;
ס׳חלבנע ליכטל צו קידוש־לבנה אין פראָסטיקן שבט;
ס׳רעדל־ייִדן וואָס האָט אויפן זילבערנעם מולד געוואַרט!

וואָס איז ארץ־ישראל?

דאָס, וואָס חנהלע האָט מיר אָנגעזאָגט צו פאַרבלײַבן.
מיט איר שפּרוך וועל איך תמיד מײַנע שירים שרייבן;
שטענדיק וועלן אירע רייד מיך אין וועג באַגלייטן
ווי דעמאָלט, איידער כ׳בין קיין אַמעריקע אַוועק,
מיט איר געוויין, מיט איר תהילים, מיט איר גאָט.
פון אירע טרערן זענען געוואָרן שפּיקלעך פּראָסט.
אין זכות פון אירע טרערן,
וועל איך צו יענער ערד געהערן!

ע.

בלויע יונגען זענען זיי חלוצים אַוועק.
אַ געזאַנג פון לוסט האָט זיי דערצו געוועקט.
אָבער ווי נאָר זיי האָבן זיך בײַם גרענעץ געזען,
האָט די גרויסע וועלט טרויעריק אויסגעזען.

ביסט געבליבן שטיל ווי אַ פֿאַרנאַכט.
ס'איז דיר נאָכגעפֿאָרן ס'ריישער באַנהויף
מיט די פּעטערס, מומעס און שוועסטערקינדער,
מיטן פֿאַרשלאָפֿענעם פֿאַרטאָג פֿון סליחותדיקן טוי.
און נישט דו — זיי האָבן זיך אָפּגעשיידט
און ווי אויף אייביק פֿאַרבליבן פֿרעמד און ווײַט.

אין וויפֿיל רויטע זונען ביסטו אַריינגעפֿאָרן,
אין וויפֿיל נאַרישע שטעט ביסטו אויסגעשטיגן,
אין וויפֿיל שפּראַכן ביסטו פֿרעמד געווען,
אין וויפֿיל גאַסן האָסטו עלנט אויסגעזען,
אַבי אין דער גרויסער וועלט צו זיין? —
דאַכט זיך, ס'איז דער זעלבער הימל דאָ,
ווי אין ריישע אויף די ליסעגורע פֿעלדער.
דאָך איז ער דאָ אַנדערש גרוי, אַנדערש בלוי.
גייסט אום פֿאַרלוירן מיטן רענצל, ווי אין וואַלד,
און טראָגסט בײַ זיך אַ פֿאַרזיגלטן בריוו צו אַ קרוב
און ווערסט גיך אויף זיך פֿאַרביטערט.

עא.

צי פֿאָרסט קיין אַמעריקע, צי קיין „פּאַלעסטינע" —
וועלן דערווײַל וואַלקנס און וואַסערן אָפּשווימען.
נאָר ביז דעמאָלט, דריי זיך אום בײַם וואָקזאַל.
זוך אַ ביסל היימלעכקייט ביי די טרעגערישע נעכט,
הער זיך אײַן צו זייערע געקריוודעטע רייד,
גלעט די גליטשיקע וואַרעמע פֿיאַקער־פֿערד
און פֿאַרשעלט אונטער זיך ס'שטיקל עלנדע ערד.
נו, מילא!
אָבער זיי, די לופֿטיקע חלוצים, ווו זענען איצט?

ביסט דאָך פון אַלע געבליבן אין וועג אַליין!
ווי קאָנען אַזעלכע פײַערדיקע יונגען איצט זײַן?

אָ, איר חברים! צי איר זענט אויף באַנען, אויף שיפן —
זע, גאָט!
זיי זאָלן כאָטש נישט טרויעריק זײַן ווי איך.
ס׳קאָן זײַן, ס׳האָבן אונדז פאָטאָגראַפיעס גענאַרט?
האָסט אָבער באַשיינפּערלעך געזען אין זייער רײַכער פריזור,
אַז זייער באַגליקן אין אויסלאַנד איז וואָר.
אָבער אויף די פאָטאָגראַפיעס פון די חלוצים? —
אויף זיי האָסטו ממש דעם שוויים געזען,
דאָס צעקנעפּלטע העמד, די רויט-צעבריטע קני,
דאָס הויכע זוניקע פײַער אויפן געזיכט,
ווען זיי זענען געגאַנגען נאָכן זינקענדיקן אַקער.
בײַנאַכט —
היט אַרטשי שלאָסער די אַראַבישע שרעק.
בײַנאַכט —
האַלט כאַסקל טשעך דעם שטילעט פאַרשטעקט.

אָבער די אויפן בילד פון ווײַטן אַמעריקע?
אָ, יענע לײַכטן אין זײַד און אין פּערל,
האָבן אַ פעסטן קאַרק, אַן איבערגאָסן געזיכט,
איבערן בויך — אַ באַגילדעטע גראָבע קייט;
זאַטע האַריקע פינגער מיט רינגען באַליישט.
ווי זענען אַהינגעקומען טעוועלעס פלעשלעך-פּיאות?
וואָס איז געוואָרן פון יאַנקלס שיטערע באָרד? —
טאַקע, ווי איז אַהינגעקומען זייער היימישע צורה?

אינ׳אַמעריקע — רינט די בענקשאַפט אויס,
אינ׳ארץ-ישׂראל — ווערט ס׳האַרץ גרויס.

עב.

דאָ, אין ארץ-ישראל גייט מען אַהיים פון זאַמד,
גייט מען דורשטיק, טרוקן, ווי פון אַ בראַנד.
סאַנע און צפּורה ברענגען צוריק דעם גלי
און וואַרטן חדשים אויפן רעגנדיקן בלי.
וואָר, ס'פּרעסט אַמאָל אין אויג אַ טרער
אָן אַ פאַרוואָס ביים אָונטיקן גראָז,
ווען ס'שווייַגן די טאָלן ווי סאַמעט.
װעמעס געוואָי וויינט אַרוים, פרעגסטו?
װעמעס אויגן לייַכטן, פרעגסטו?
שאַקאַלן לייַכטן ווי גלאָז,
שאַקאַלן וויינען פון גראָז.
איבער די געצעלטן, איבער די שייַבלעך,
לויערן דינע פייַערלעך-שרעק.

איבריקנס, וואָס וויסן שטיקלעך וואָלקנס אויבן,
אַז צפּורהס אויגן פלאַטערן אַרויף ווי טויבן?
וואָס ווייסט די מילך-נאַכט העט איבערן ים,
אַז סאַנע שרייַבט איצט פון בענקשאַפט אַהיים?

„געשעצטע עלטערן:
זייַט נישט נאָכדענקינג וועגן אונדז.
אין קיבוץ איז מען קיינמאָל נישט אַליין.
אין דער פרי גייט מען אַרוים באַנאַנד
און מ'קערט זיך אום מיט געזאַנג.
דערפאַר בליט אין פּרדס קייַלעכדיק גאָלד
און אויף די צווייַגן הענגען געלע זונען.
מ'האָט זיך צוגעוווינט צו די כאַמסינען,
צו דער טרוקענער היץ, צו די גמלים.
צפּורה, ווייסט איר דאָך...

אָך, אַן אייגן גרעזל, אַן אייגן שטיבל!
אָך, דער שאָטן פון אַן אייגענעם בלאַט!
וואָס מאַכסטו מאַמע, כאַנקע און אביגדור?
טראָגט דער טאַטע נאָך אַ האַרץ אויף מיר?
דאָ רעדט מען לשון־קודש ווי ביַי איַיך פּויליש.
אוודאי גיט מיך אַמאָל אַ צי צו איַיך!
למאי, כ'לאָז אפילו אַמאָל אַ טרער,
ס'איז שווער נישט צו בענקען אַהיים מער.
כ'וועל דאַריבער איצט שליסן מיַין שריַיבן
און ווי אימער איַיער סאַנע פאַרבליַיבן".

עג.

אַ חלוץ זאָל גאָר ווערן טרויעריק,
זאָל נישט זיין פאַרהאַרטעוועט ווי אַ שטיין?
ווער־ווער — אָבער סאַנע זאָל אַזוי זיַין?
ר'האָט זיך דאָך געלערנט אויסשטיין די פרעמד,
קיינמאָל נישט בענקען פון אַן אייגן לאַנד?
מילא, ביַיטאָג ווי ביַיטאָג — דער עיקר די נאַכט,
ווען ס'האַרץ ווערט שווער אויפן געלעגער.
עפּעס אַ היימיש פיַיערל לאָזט נישט שלאָפן.
ס'גייען נאָך די קעלעכלעך פון הויזגעזינד,
די אויסגעזעצטע שטוב ביים קאַכליע־אויוון, —
דער טאַטע, וואָס קוקט ברוגז אין ספר.
סאַנע, וואָס פלעגט אַהיים ברענגען דעם פּראָסט,
דעם שניי, וואָס האָט פון די שטיוול געלאָזט,
גראָד אים — ציט אַמאָל אַהיים צוריק.

אָבער צו־וואָס אַזעלכעס אינמיטן דרינען?
ווער דאַרף עס געדענקען, נאָך וואָס בענקען?

ר׳איז דאָך געקומען אַהער, ווי אויף אייביק —
ווי דער פּעטער ברוך, וואָס רוט אין צפת —
אפשר, סאַנע, איז אין דיר אויך פאַראַן
בלוט און האַרץ פאַרן לאַנד כנען?

סאַנע!
ווי אין ישעיה,
שטעל זיך אַוועק פאַר אַ שומר,
באַוואַך, וואָס דײַנע אויגן וועלן זען.
אַז וועסט הערן אַ געשפּאַן פערד.
אַז וועסט זען אַ געשפּאַן אייזלען,
אַז וועסט שפּירן אַ געשפּאַן קעמלען,
זאָלסטו האָרכן אַ טיפע האָרכונג.
וואָרים דיר געהערן די פרײַע בערג פון יהודה,
צו דיר קוקן די שפּיזלדיקע בערג פון חברון!
שווײַג אין זיי אַרײַן דײַנע אויגן, דײַנע אויערן,
וועסטו הערן דעם שנירלדיקן שראַם פון ירדן.
נישט פאָרכט, סאַנע, פאַרן אויסגעשטערנטן העק,
פאַר די בלויע פײַערלעך פאַרקילטן שרעק —
וואָרים דאָס וואָס דו זעסט, וואָס דו פילסט,
האָט „האזינו” פאַר דיר אײַנגעזאַמלט.
אין דײַן וואַך־טורעמל, סאַנע,
לאָז דאָס מעסער הינטערן העמד לויערן,
ביסט אויף דיין היטונג געשטעלט געוואָרן!

עד.

צעפיר די האַנט, סאַנע, איבערן לאַנד;
צייכן אָן עטלעכע טרוקענע איילן זאַמד
פאַר דיר, פאַר צפורהן דאָ צו פאַרבלײַבן.

דאָ וועסטו זיך פֿרוכפּערן, זיך שטאַרקן
און נישט ווי דעמאָלט —
ווען מ׳האָט זיך געלאָזט פֿון שקצים יאָגן,
פֿון געשיילטע ריטלעך, שאַרפֿע שטיינער שלאָגן
און מורא געהאַט בלויז פֿאַרן רבין. —
צעפּיר די האַנט, סאַנע, איבערן לאַנד;
צייכן אָן עטלעכע טרוקענע איילן זאַמד.

נישט לײַכט, סאַנע, פֿון זיך צו אַנטלויפֿן.
מען קאָן פֿון אַן אייגן האַרץ נישט אַוועק.
צי דו ווילסט, צי נישט —
וועט דיר נאָכגיין יענער שיינער טרויער,
יענער זומער, יענער חדרדיקער האַרבסט,
דער „וויסלאָק" מיט די יונגען „נאַזנאַק",
וואָס זענען אַרויס מיט רויטן קאַרק.
אָ, וויפֿיל „יאָגעלעך" זענען צום חלום געקומען
פֿון יענע אויסגעבאָדענע תּמוזדיקע פֿאַרנאַכטן?
בלויז די מורא פֿאַרן טאַטנס שלעק,
האָט דיך פֿון חלום געוועקט.
יאָ.

איצט, סאַנע —
רוען אין דײַן חלום באַגראָזטע לאַנען,
לאָפּעטעס פֿאַרגעלטע בלאָטעס, געלע ערד,
אַ וואַרימע שטאַל מיט אַן אייזלדיק פֿערד —

איצט, סאַנע —
רוט אין דײַן חלום אַן אייגן געצעלט,
אַ ווײַב צפּורה, אַ בן־יקירדיקער בכור.

איצט, סאַנע —
בלויען אין דײַן חלום די פֿײַערן, וואָס גליִען;
בלויען די חומש־שטערן, וואָס ציִען
פֿון בראשיתדיקן חדר ביזן סוף פֿון דברים
מיט חזק ונתחזק.

צה.

הײַנט בײַנאַכט, שביעי של-פּסח,
גייען ייִדן דורך פּרשת „בשלח״.

צו זײַן וואָך אַזאַ גרויסע נאַכט,
האָט מען בײַטאָג סאָנען פֿאַרשפּאַרט.
מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט די בייזע ריגלען,
פֿאַרשטעלט די „יאָגעלעך״ פֿאַרן פֿענצטער.
הײַנט דאַרף מען האָבן כּוח אין די פּיס
צו גיין מיטן טאַטן דורך קריעת ים-סוף,
ווי דעמאָלט, ווען משה האָט געפֿירט פֿון מצרים
און פּרעהס רײַטוועגן זענען געבליבן אין ימיקן זאַמד —
אַ פּסח האָט מען זיך געגרייט צום צוגעזאָגטן לאַנד!

הײַנט, שביעי של-פּסח בײַנאַכט,
גייט דזשיקאָוו צו ר׳ מאָטישנס קלויז.
און דאָרט?
דאָרט פֿאַרשטעקט מען די פּאָלעס אין גאַרטל
און מ׳לאָזט זיך אין האַלבע זאָקן איבערן ים.
דער דיל אונטער די צעהיצטע פּיס ברענט;
די פּנימער, די בערד שווימען אויף די ווענט
און דער חלב לײַכט ווי דער עמוד-האש.
דער געלער ר׳ משה מיטן בגילופנדיקן פּלאַם,
פֿירט הײַנט דעם חסידישן אַטלאַס איבערן ים.
אויף אַלע גראָבע צעטראָגענע טישן,

גיסט זיך שוים פון טאָקאַיער פלאַשן.
מיטן גאַנצן „נשמת כל חי״,
מיט אַלע בײַטאָגיקע יוצרות,
גייט מען זיכערע צו קריעת ים־סוף
אין ברייטן ר׳ מאָטישנס קלויז.

אָנאָ בכח —
אברהמטשע נײַמאַן האָט זיך געטראָגן אין דער הויך.
קבל רנת עמך —
די היץ האָט פאַרלוירן די ערד אונטער די פיס.
מ׳איז געגאַנגען, געגאַנגען מיט פאַרמאַכטע אויגן;
די יִינגלעך נאָך די טאַטעס האָבן פון גושן געצויגן
און מ׳איז אַריבער אויף יענער זײַט נאַכט;
אויף יענער זײַט לבנה, אויף יענער זײַט זון
מיט דער גאַנצער קלויז נאָך יהושע בן־נון.

הײַנט, ביים טאַטנס שפּרײַזנדיקן ברען,
לערן דיך, סאַנע, אַרײַנגיין קיין כנען.
אַלע פּיאותדיקע יִינגלעך גייען הײַנט אַהין.
און דווקא איצט — אין דער סאַמע היץ
פון אָז־ישירדיקע שטרײַמלעך און בערד,
וועט פון משהס שטעקן אויף דר׳ערד
ווערן מן — און אַ געשפּאָלטענער ים
פאַר די פון ווײַקנדיקן שטרוי, קנעטנדיקן ליים.
נישט אין ריישע — נײַערט אין מדבר,
וועלן אַלע ניסים פאַר דיר אויפגיין!
דאַרויף, סאַנע, האָט דיך דער טאַטע געבראַכט
צום שביעי של־פּסח בײַנאַכט
אין ר׳ מאָטיש עקשטיינס קלויז —
הײַנט זעסטו פון שרון די רויז!

עו.

נאָך אַזעלכע אַכצן שביעי של-פּסחס,
האָט מען זיך אויסגעטשוכעט פון גמראס;
פון דער קלויז-מויער, פון ניגונדיקן טרויער.
רק עס האָט געצויגן צו דער ווײַטער וועלט;
צום בלויען בעז, צו די זאַנגען אין פעלד —
דאָרט איז לייכט צו ווערן אַ ציוניסט,
לײַכט געוועזן צו ווערן אַ מזרחיסט.
בעריש איראָם האָט ביסלעכוויז די בעקעשע געהאַקט,
די פּיאות פאַרקעמט, דאָס בלאָנדע בערדל פאַרשאַרט
און פון ר׳ יהושע יאָלעס ישיבה שטיל געווײַכט.
צו פּרק איז ער אַוועק ערגעץ אין טיפן שפּאַציר;
יוצא געווען מיט שלש-סעודות ביי ר׳ מנשה וואָצקיר.

אַ דאַטשמעריש בלוט איז אין די „לערנערס" אַריין.
די געקרײַזלטע פּיאות האָבן אויפגעהערט שפּרינגען.
מ׳איז איבערגעגאַנגען פון פּליוש צו שטאָפּענע היטן;
דעם פרומען זײַד אויף פּראָסטע רעקלעך אויסגעביטן —
און דעם שבתדיקן לשון-קודש
אויף אַ וואָכעדיקן העברעיִש.
ווער האָט צו אַזעלכעם די בחורים באַוויגן?
כאַסקעלע האָט אַזאַ אַפּיקורסות אָנגעהויבן.
ער האָט עס ווי פון ווינט געבראַכט קיין ריישע;
פון גרויסע וועלט-שטעט, פון גרויסע אסיפות.
בראַוו איז ער צו האַנטווערקער, צו משרתים געווען;
זיך געהאַלטן מיט די יונגען פון דער וואָליע,
ווי מיט די בחורים פון סאַמעטענעם יחוס.

כאַסקעלע אינמיטן פעלד, שטייט, ווי עמוס,
אין אַ שבתדיקן תמוז.

אַ רעדל אויסגעזעצטע יונגען זינגען —
און ער, אַ דינער, אינמיטן דער זון,
זעט ווי אַ בלאָנדער חלום אויס.
ביסט נישט מער אין ריישע, נישט אין פעלד —
ביסט ערגיץ אין דער הר־הצופימדיקער וועלט
און מיינסט — עס שטייט פאַר דיר יחזקאל
מיט אַ שטאַרקן אויסגעשטרעקטן אָרעם
און ברענגט דיך צום מדבר פון די פעלקער
משפטן דאָרט פנים אל פנים,
ווי ס׳האָט גאָט געטאָן מיט אונדזערע עלטערן
אין מדבר פון לאַנד מצרים.

עז.

פון ברייטע גמראס, פון שווערע תוספתן,
האָבן זיך אַ הייב געטאָן אַטלאַסענע בחורים
און זענען אַריין אין הייסע מזרחיסטן.
היות, ארץ־ישראל איז סײַווי אין בלוט,
צו וואָס וואַרטן ביז משיח בן־דוד
ווי זיי, וואָס גייען אַלע שביעי של־פסח איבערן ים
און בלײַבן דערנאָך צוריק בײַם חסידישן פלאַם?
ווו איז דער חטא צו גיין אַהין בײַם לעבן
אַרבן ס׳לאַנד, וואָס איז צו די אָבות געגעבן?
פול, ווי עס איז דער הימל מיט שטערן,
זענען אונדזערע ספרים מיט טרערן.
די ערד פון כנען, די וואַסערן פון ירדן —
דאַרויף האָט דאָך משה אַ ים געשפּאָלטן.

אויב שוין יאָ ארץ־ישראל,
דאַרף מען גיין מיט אַ הייליק פײַער

און נישט ווי זיי — די אויפגעזונגענע חלוצים,
וואָס גייען אום „בלויזקעפּיק״ מיט לשון-קודש ;
טראָגן מאָדנע זעלנערישע רעקלעך און העמדער.
ס׳איז נישט „לײַטיש״ טעכטער זאָלן ווי מאַנסבילן,
זיך לערנען אויף אַקערס, לערנען אויף ביקסן !

אָבער כאַסקעלע —
ער פאַרפעלט נישט די נעכט פון ליכטיקן „הזמיר״.
דאָרט וועט מען אים הערן, גרויסן און ערן.
אַלע יוגנטלעכע פײַערלעך ציִען צו אים.
ר׳איז גאָלד ווי אַ זאַנג, שלאַנק ווי אַ זאַנג.
זיין בינטל באָרד בלענדט און ברענט
צו די צעהאָנגענע „ציונס״ אויף די ווענט.
אַ פײַערל פון אילת-השחר שטראַלט אויף אים,
ווען ר׳גייט פון „הזמיר״ צו דער נאַכט אַראָפּ.

עח.

בלויז אַ חסיד גייט אין חלום איבערן ים,
גייט אין „שטיבל״ מיט היץ און געזאַנג.
אָבער יענע וואָס ווילן אַרײַן אין וואָרן לאַנד,
ווילן בפּועל-ממש אָנרירן די ערד מיט דער האַנט.
מ׳איז דאָך בײַ „שמואל״ געגאַנגען קיין בית-לחם
אויפזוכן פאַרן מלך שאול דעם פאַסטעך דוד,
ווען די שײַבלעך אין חדר האָבן געגליט
און מ׳האָט געבענקט, אוי ! האָט מען געבענקט
צו די הימלען איבערן שטראָמיקן ווײַסליק ;
צו יענעם אויפגעשוימטן בראַנדז פון פײַער.
באַדנדיקע יונגען איז מען באַרוועס געלאָפן
פון „שמואל״ צו די געברענטע בינטלעך קאָרן
און מ׳איז דערנאָך צוריק טרויעריק געוואָרן.

וואָס איז די נפקא־מינה,
וואָס עס האָט אָנגעצונדן די יינגלישע הערצער
צום פרילינגדיקן בעז, צו דער זומערדיקער ווײַט —
צום גאַנצן בלוי און גרוי פון הימל און ערד?
מ׳איז דאָך געווען גרייט נאָכצוגיין די אויגן
אין דער גרויסער וועלט אַריין —
מ׳וואָלט געגאַנגען דורך רעגנדיקע שלאַקסן,
דורך בליצן, דורך דונערס, דורך ווינטן,
ווען מען וואָלט נאָר וואַנדערן געלאָזט אַליין.
מילא די מאַמעס — אָבער די טאַטעס?
זיי האָבן ווי מויערן זיך געשטעלט אין וועג
און דערקוטשעט די יינגלשע טעג!

וואָס הייסט —
ישראל זאָל אַנטלויפן פאַר די פלישתים,
זאָל פאַלן דערשלאָגן אויפן באַרג גלבוע?
וואָס הייסט —
טאַטעס זאָלן ווי מויערן זיך שטעלן אין וועג,
נישט לאָזן זייערע זין פאָרן קיין פאַלעסטינע?
האָסט דאָך געדונגען מלמדים פאַר גאַפט־געלט
מ׳זאָל מיט זיי בראָקן: „יהושע", „שמואל"...
זייערע הערצער זאָלן שלאָגן ווינטער בײַנאַכט
אויפן וועג אהיים דורך פרעסט, דורך פחד?
איצט, אַז ס׳ציט זיי צו דער זון פון „שופטים",
ווײַל ס׳קאָכט דאָס בלוט קעגן די פלישתים,
זאָלן גאָר טאַטעס זיך שטעלן זיי אין וועג?

עט.

וואָס וועט פון די זין דאָרט ווערן?
דאָרט וועלן זיי זיך מערן ווי די שטערן!

דאָס גאָר? — ניין, נאָך עפּעס:
זיי וועלן ווערן די גבורים פון ישראל;
געפּאַנצערטע, ווי דוד, אַראָפּגיין אין טאָל
אויפרײַסן מיט אַ שטיינדל שטיקער פלישתים —
דערנאָך אויסזאַמדיקן די וואַסערן, די ערד,
פון די אײַנגענומענע בערג בויען שטעט,
באַקערנערן דעם מדבר מיט ווייץ, מיט קאָרן —
אַ רויז וועט בליִען אויפן אָרט פון אַ דאָרן.
דארויף, טאַטע, האָסטו ס׳חומש מיך פאַרהערט יאָרן,
אין די שבתדיקע זומערן צום „פרק” געטריבן,
אין די ווינטערס גאַנץ „ברכי־נפשי” געהייסן זאָגן,
שביעי של־פסח מיך געלערנט איבערן ים־סוף גיין!

דאָס גאָר? — ניין, נאָך עפּעס:
מען וועט פיטערן די שאָף, די רינדער,
ווען די זון וועט קיין ירושלים אַריבער —
און שטײַגן מיטן פאַסטעך־שטעקן אַהין;
זינגען דאָס געזאַנג פון ליכטיקער וואָר
און אַהיימגיין צו די הימלען פאַרנאַכט.
האָסט דאָך דעם חלום אויסגעביטן פאַר אַזאַ?
מ׳האָט דיך ווי אַ לוויה צו דער באַן באַגלייט
און געבעטן: זאָלסט בשלום דעם ים אַריבער!
— סאַנע, קינד מײַנס, גאָט זאָל זײַן מיט דיר;
— זאָלסט פון וועג שרייבן, אין אייביקן גלויבן!

דאָס גאָר? — ניין, נאָך עפּעס:
דאָרט אין מאָרגנלאַנד, אין אייביק לאַנד,
איז אונדזער אויסגעוויינטע טרער,
איז אונדזער אויסגעזונגענער טרויער,
איז אונדזער אויסגעגליטער מדבר
פון אַלע ניסים ונפלאות,
אפילו דער נס, וואָס כ׳בין געבליבן גאַנץ

פֿאַר מיר, פֿאַר דיר, פֿאַר ארץ־ישׂראל!
אַהין —
צו יענער זײַט ירדן בין איך געגאַנגען
דורך לבֿנהס, דורך זונען, דורך שטערן;
דורך געשפּאָלטענע ימען, געשפּאָלטענע פֿלאַמען,
דורך גאָלדענע געטער, דורך פֿײַערדיקן דאָרן,
דורך משהס שטעקן, דורך גאָטס צאָרן!

פּ.

נאָכן לערנען „שמואל״ ביסטו, סאַנע, אַרויס צו דער זון
און אַראָפּ מיט איר העט הינטער דער באַלדעכאָוועקע·
אין באָרוועסע „יאָגעלעך״ ביסטו געלאָפֿן אַהין.
ס׳האָט דיך נישט געאַרט די שטיקלעך גלאָז;
דאָס אָפּגעקאָסעטע, געהאַקטע גראָז.
אין יענע טאָלן האָסטו געשטילט ס׳בלוט —
אַזאַ פֿײַער איז געווען אין דיר, אַזאַ לוסט.
מיט אַ זיכער האַרץ, מיט אַ זיכער אויער,
ביסטו נאָכגעגאַנגען דאָס קול פֿון גאָט,
ווען ער האָט דורך נתנען גערופֿן צו דודן,
פּונקט ווי ס׳רופֿט אַ קול צו דיר איצט —
וועסט גרויסן דײַן נאָמען אויף דער ערד
און מאַכן אַ פֿעסט אָרט פֿאַר דײַן פֿאָלק,
זיך איינפֿלאַנצן און רוען אין דײַן לאַנד
און זיך מער נישט שרעקן פֿאַר די אומות־העולם.

אַז ייִדן גייען איבערן ים־סוף
שבֿיעי של־פּסח בײַנאַכט,
גייען זיי קיין ארץ־ישׂראל
גאָט אַנטקעגן;

גייען זיי מיט פײַער אין די בערד
פון די שני־לוחות הברית;
גייען זיי אָפּהיטן דאָס געבאָט
פון הר־סינידיקן אָרט;
גייען זיי עפענען ס׳טויער פון ירושלים
לשם שמים.

אָבער ביי זיי, ביי די אומות־העולם?

גאָלר און זילבער האָבן מיילער
און רעדן נישט —
האַלץ און שטיין האָבן אויערן
און הערן נישט —
מעש און בראָנדז האָבן פיס
און גייען נישט —
בלויז גאָט פון צבאות איז אחד!

פּא.

נישט פון פעלדער און נישט פון אַקערס,
נישט פון ווערקשטאַט, נישט פון קאָוואַדלע —
פון פאַרטיפטע קלויזן, פון תורה לשמה,
זענען זיי איבערן ים־סוף געגאַנגען אַהער.
און דאָ?
דאָ איז דאָס לאַנד כדת משה וישראל.
אַ פרומער הימל לײַכט פון דער שקיעה
אויף די געסלעך ערד פון יבנה.
ישיבה־בחורים שטייען אין רעדלעך מנחה
און וואַרטן אויפן מעריב פון די שטערן

ווי ס'רויטע פאַרגיין פון מערב איבערן ים,
גייט דאָ אויף דער יבנהער שבתדיקער פלאַם.
יונגער, אַלטער זייַד דורך הייסן שיר־השירים,
גייט צום זילבערנעם שבת פון יבנה.
עס ציטערט די לופט, די פייַגנביימער
און גייסט אום שטיל און קיל
אין די שווייַגנדיקע געמאַרקן פון גרוי
און זוכסט דאָס ליד פון פרומען ליכט.
אַלע בייזע זאַכן זענען איצט מילד.
ווי פון אויסגעהאַקטע גרינע בערג,
רוען איצט די אייזלען פאַר די שוועלן;
שטומען איצט די קעמלען אויף די קני.
עס רוט דער גאַנצער מדבר פון דער זון
און אויפן שבת בליט די רויז פון שרון.

דאָ איז גאָטס אמתער זיבעטער טאָג.
אַ דינער זילבער טראָגט זיך פון קבלת־שבת.
לופטיקע טעכטער מיט אויסגעצוואָגענע האָר —
בלויע טעכטער מיט אָפגעהיטענעם ארץ־ישראל.
און די מאַמעס? זיי זענען אין שפּיצן־שאַלן געהילט,
זיי זענען מיט שווערן רויטן גאָלד באַהאָנגען:
— זעט, מיר האָבן עס פאַרן עגל נישט געשמאָלצן!
— אין וואַרימען זילבער ברענען אונדזערע ליכט.
דאָ שרעקן זיך נישט די שויבן פאַרן גוי —
דאָ לייַכטן די פענצטער מיט יידישן בלוי. —
אַלע טעמים פון מעריב־ערבים
קלינגען־אָפּ פון די ליכטיקע קלויזן.
פרעמד זענען איצט אַלע זיבן ימען,
ווייַט זענען איצט אַלע גוייִשע לענדער,
ריין און גאַנץ איז בלויז דער שבת.

פב.

וואָס איז מיט דער וואָך אין יבנה?
שוואַרץ מיט פּליוש, מיט שפּרינגענדיקע פּיאות,
מיט יינגלעך, מיט ספרים, מיט שווערע גמראס.
אויף די געמאַרקן — געזאַנגען און ברכות.
בעטלער גייען אום מיט טאַרבעס געוויינען
צווישן געדיכטע קעפּ און ערדענע טעפּ.
סוחרים האַנדלען מיט אַלערליי חלומות.
גאַנצע טעג זיצט מען אויף פאַרלייגטע פּים
און מ׳קוקט אַריין אין גאָלד פון דער זון
און מ׳פאַרגייט אין פייער פון די בערג.

אָ, ווי טרויעריק עס ווערט דערנאָך,
כאָטש גיי אויפן הר־הזיתים אַרויף שטאַרבן.

רועה־צאן —
עס לויפן לעמער אין פריִען טוי אַריין
מיט זילבערנע רוקנס אין אייליקן גאַנג
און קלעטערן טאָל־אַראָפּ, טאָל־אַרויף.
עס גייען נאָך פרומע באָרוועסע יונגען
מיט געגאַרטלטע בינטלעך געזאַנגען
צום השכמת־המזרח פון דער זון
און די שאָפענע וואָלן צינדן זיך אָן.
היות, ס׳איז צום פאַרנאַכטיקן הימל ווייט,
און יבנה איז ישיבה — קבלה איז צפת,
לערנט מען דערווייל אויף די בערג ש״ס.

אלי וויוסף אחים שני, פאַסטעכער צוויי,
טרייבן אַלע פרי אַרויס די סטאַדעס שאָף
אויף יעקבס פעלדער פון באר־שבע.

אין ריישע זענען זיי געווען אַ שם־דבר,
יום ולילה ביי ברייטע ספרים געזעסן,
דעם טרויער אין די גמרות אַריינגעזונגען,
די בלאָנדע האָר פון די פיאות געצופּט,
אומעטיק צום ארון קודש אַרויפגעקוקט
און יונג געחלומט פון „שמואל״,
ווען ר׳איז צו דער טיפער נאַכט אַראָפּ
נאָכן בית־לחמער פּאַסטעך־יונג דוד.
פון שאָף, פון טאָלן, פון פּאַסטעכס חלום,
האָט ער דודן דורך די געמאַרקן געפירט
צו די טויערן פון שאול המלך.

נישט יעקב — אלי און יוסף חלומען,
און נישט אויף די שטיינער צוקאָפּנס —
גײַערט אונטער דעם שאָטן פון ווײַנשטאָק.
ווען עס שלאָגט־אָפּ דאָס פאַרגייענדיקע גאָלד
פון די ווײַטע בערג־שפּיצן פון פאַרנאַכט,
גייען אלי און יוסף מיט די שעפסן אַהיים
צו די שטערן.

אלי ויוסף —
טאַקע צו זייער ווײַסן זיידן ר׳ מאָטיש,
וווּ די מיל האָט פאַרשריגן דאָס מעל ;
געהילץ האָט געשריגן אונטער דער זעג
און פאַרהילכט די קלויז, די שבתים —
איז מען שביעי של־פּסח אַראָפּ אַהין
אין שטרײַמלעך, אין ליכטיקע קאָלפּיקעס
און מ׳איז אַרײַן אין לאַנגן אָז־ישיר,
מיט פאַרשאַרטע פאָלעס געשפּאָלטן דעם ים.
דאָס געזאַנג האָט פאַרשוויצט די ווענט ;
דער ווײַן האָט אָפּגעשוימט די בערד.

אַ־האַ, מ׳איז שוין העט אויף יענער זײַט ירדן —
בלויז משה איז אויפֿן הר־נבֿו געבליבן שטאַרבן!

אַט אזוי —
מיט גליענדיקן בלוט איז מען געגאַנגען קיין יבֿנה —
אַט אזוי —
דורך שבת־שירהדיקן שניי פֿון פּראַסטיקן פּרשת בשלח —
אַט אזוי —
דורך ווײַסער ווינטערדיקער שרעק פֿון חדרים און ישיבֿות —
אַט אזוי —
דורך לאַמטערנדיקער אימה פֿון דער נאַכטן, פֿון דער קלויז —
איז מען געגאַנגען קיין יבֿנה מיט צוויי דין־צעלאָזטע פּיאות.

ארץ זבֿת חלבֿ ודבֿש —
צו דיר איז געגעבן געוואָרן די דאָזיקע ערד.
אונטער נאָענטע הימלען איז אומגעגאַנגען ס׳קול,
וואָס האָט דורך פֿײַער און דורך משהן
צו די פֿאַרקנעכטע קינדער גערופֿן:
— אַרויס אין מדבר!
ס׳איז נאָכגעגאַנגען די זון בײַטאָג;
דאָס גרינס פֿון דער לבֿנה בײַנאַכט
און ס׳פֿאָלק האָט געלויכטן ווי די שטערן.
וואָר, מ׳איז געפֿאַלן אין דאָרשט, אין טרערן,
מ׳איז געפֿאַלן אין הונגער, אין וואָגל —
דערפֿאַר אָבער איז ר׳ ישראלטשע אויפֿאָם,
שבֿיעי של־פּסח אַ זיכערער אַריבער דעם ים.
וואָס מיר לשנה הבאה? — טאַקע נאָך הײַנט נאַכט,
וועט ר׳ ישראלטשע אָנקומען קיין ירושלים —
קיין ארץ־ישראל פֿאָרט מען נישט מיט קיין באַן,
אַ ייִד דאַרף גיין איבערן ים־סוף קיין כנען!

פג.

אדרבא —
לאָז דיך אַרוים קיין סדום אָנעם חומש?
שוין דער וועג פירט דיך צום חדר צוריק.
גייסט אַרוים אַ זיכערער פון באר־שבע
און פרעגסט ביַי פעלדער און ביַי זאַמדן:
ווו גייט מען דאָ ווי אין די חדר־יאָרן
קיין חרן?

דער וועג איז לאַנג, דרומדיק און וויסט
און שווימסט אַריין אין שטיקער „וירא".
גייסט אַ ייִנגל צום טויער פון לוט
מיט די צוויי מלאכים געשיקט פון גאָט.
נאָך וואָס, פרעגסטו, גיי איך אַהין?
צו זען אויף אַן אמת סדום־ועמורה,
וואָס איז אַוועק אין שוועבל, אין פיַיער,
נאָכדעם, ווי לוט איז אָנגעקומען קיין צוער
און פונעם וויַיב איז געוואָרן אַ הויפן זאַלץ.

ביסט אַהערגעקומען — נישט פון רעוועָרסאַיד דרייוו.
ווילסט אויף אַ רגע נישט זען די שיינע ניַיע שטעט,
וואָס שטייען ציגלדיק פריש אויפן גלאַטן וועג אַהין —
ביסט געקומען אַהער פון ריישער בלויען פאַרנאַכט
מיטן שבתדיקן אומעט פון „גאָט פון אברהם",
מיטן טרויער פון דער שטוב צו שלש־סעודות.

חנהלע קוקט דורך דער שויב צום לאָמטערן
און וואַרט אויפן ערשטן שטערן הבדלה צו הערן.
באַלד וועט זיך אַ ריר טאָן די פאַרשלאָפענע טיר
און עס וועט אַרײַן דער ווינט מיט „גוטוואָך"
פון פעטערס, מומעס און שוועסטערקינדער —
און ס׳וועט מער נישט טרויעריק זײַן ס׳פענצטער;
עס וועט אויפטײַען די ברייטע זילבער־שאַנק
פון דרשה־געשאַנק
מיטן בליאַשק פון שפּריצנדיקן בליץ־לאָמפּ.

ווילסט אויף אַ רגע נישט זען דאָס געמיט פון קיבוצים;
ס׳גרינס פון די פעלדער, די יונגע רויכן פון שיכונים.
ווילסט דערקענען די טויזנטער האַרבסטן פון בראשית;
די ערד וואָס האָט אויפגעשײַנט אין ערשטן ליכט.
פּאָרסט, און ס׳שווימען אָפּ די שטעט פון כנען,
נישטאָ אפילו אַ בלאַט פאַר אַ טויב.
טראָגסט דיך איבער דער ברייט פון וויסטענישן
ווי דורך די זיבן הונגעריקע יאָר אין לאַנד.
טרוקן און געשפּאָלטן שטייען די פעלדער,
מיד פון דער זון, פאַרשטײַפּט פון זאַלץ
און וואַרטן אויף גשם, וואַרטן אויף טל.

פד.

אַלע זאַכן אויף די פעלדער קיין סדום,
זעען אויס, ווי פאַרבליבענע פון חומש.
עס לויפן־אויף אויסגעוואַקסענע בערג,
ווי פון פראָסט, ווי פון שניי פאַרפרוירן.
אַ פאַרבליבן שטיק מענטש פון גאָטס יאָרן,
שטייט פאַרשטיינערט אין וועג, ווי לוטס ווײַב.

הייבסט ממש אָן פילן אברהם אָבינוס צײַטן;
יעקבס צוקאָפּנס, דעם חלום פון לייטער —
עס בלאָנקען אום שיטערע סטאַדעס שאָף;
באָרוועסע פיס גייען אַהיים צו דער ברונע,
ווי די אייניקלעך פון יצחק און רבקה
אין די „מענטשלעך" פון דער מאַמעס טײַטש־חומש —
און זעסט דיך צוריק דאָס יִנגל, וואָס גליט
דורכן פענצטער צום שטערנדיקן פראָסט.

דאָ, דורך די פאַרגלאָזטע זאַלץ־פעלדער;
דורך די פאַרשטיינערטע טאָלן און היילן,
זעט מען נאָך די פאַרצײַטישע באַשאַפענע ערד,
ווען אַ שטיין איז דאָ מסתמא געווען אַ מזבח,
יוען אַ באַרג דאָ איז געווען אַ מלחמה, אַ מלוכה —
דאָ האָט מען רק זיך געיאָגט נאָך די פלישתים;
געשיקט שליחים און ווײַטע מרגלים —
דאָ האָט גאָט צו די נביאים זיך אָנטפּלעקט;
ווי געהייסן גיין שטראָפן, גיין וואָרענען
מ'זאָל קיין אָפּגעטער זיך נישט מאַכן;
פאַר זיי נישט קניִען, זיך נישט בוקן,
וואָרים ס'וועט נישט וווילגעפעלן גאָט.

און דער מדבר ציט זיך רויט און ברייט.
ביסט אין די היציקע טויערן פון דער זון,
איינער אַליין אין דער חמימה פון זאַמד.
וויקלסט דיך אין דער שטעכיקער זאַווערוכע
און האָסט מורא אומצוקערן דײַנע אויגן
ס'זאָל פון דיר נישט ווערן אַ הויפן זאַלץ.
דאָ איז נישט עפּעס, ווי ערגיץ אַ שטאָט.
דאָ פילט מען טאַקע דעם כוח פון זעונג;
ווילסט אַרומגיין אין בלויזע זאָקן,

פאַלן צום בראַנדיקן שטיקל ערד —
מיטן פּנים צום באַרג פון גאָט.

פה.

סדום — ביסט וואָר!
ביסט נישט אַ מעשה, ביסט נישט אַ חלום;
ביסט פאַרזאַלצן ווי גלאָז, ווי פראָסט;
פאַרשטיינערט אין שטיקער ווײַב פון לוט.
פון צופיל זאַלץ ביסטו געוואָרן בערג,
וואָס שפּריצן מיט זון און מיט בלענד —
בײַנאַכט לײַכט שוועבל פון די פעלדזן.
שטיל, ווי טויט, שטייט דער ים־המלח
מיט אַזאַ תוהו־ובוהו,
ווי „בראשית" וואָלט זיך אָנגעהויבן דאָ.
נישטאָ קיין פליגלדיקע באַשעפענישן,
נײַערט שוואַרצע הימלען הײשעריקן
טראָגן זיך הויך צו פעלדער קרייטעכער
ווייט איבער די הרי־מואב צום חומש.

נאָר איצט —
ביסטו נישט מער אין פאַרצײַטישן סדום —
ביסט צווישן די אייניקלעך פון אברהם.
סדומער זין און טעכטער לערנען די ערד
נישט צו זײַן פאַרשטיינערט — צו זײַן גרין,
צו וואַקסן אין קאָרן און אין ווייצן —
די פעלדער זאָלן אין זאַלץ מער נישט ווייקן.
מ'איז אַהערגעקומען פון סדומער אַמאָל
צו לאָזן שעפסן לויפן אין גראָזיקן טאָל;
פאַסטעכער זאָלן אין פאַרנאַכטיקן ווערן

חלומען פון אַ הימל און דינע שטערן.
בערגלעך מיידלעך זינגען
צו בערגלעך ערדישע יונגען
און פאַרגליען אין דער טונקל.

דאָ איז אומעטיק די בענקשאַפט,
טרויעריק — די ווײַט נאָך שטעט.
אַ חלום איז אין אַלייען צו שפּאַצירן,
זען דעם ליכטיקן לוסט פון שילדן,
פון אויסלאגן די לעצטע מאָדעס.
אין סדום איז מען נישט סתם אַזוי !
מ׳איז געקומען אוצרות פון זאַלץ גראָבן ;
אויפטײַען דעם פאַרשלאָפענעם בראשית.
יאָ, אויסגעשפּרייט דעם וועג אַהער האָבן חלוצים —
פּאָר זשע, יינגל פון ריישע, פון ניו־יאָרק
מיטן תל־ירוחם־כביש קיין סדום.

פו.

נישט דער ים־המלח —
אַקסלען, פּלייצעס און הענט שלאָגן מיט כוח
די זינקענדיקע קלאַפּטערס אין זאַמד
פאַר באָרטנס, סחורות און לאַנד.
עס קלינגען אָפּ קלעפּ אין דער הוילער לופט
און ס׳וואַקסט ביסלעכווײַז אויס אַ האַפּנדיקע שטאָט
אין פריד און אין רו צו האַנדלען
מיטן מעשהלע : ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
דאָס טוען די פון אויסגעזונגענעם וויגעלע,
דאָס טוען די פון אויסגעחלומטן ציגעלע.
די זעגן קלינגען, שרייען און זינגען
אונטער דער היציקער גבורה פון יונגען.

מיט פּערעלעך שוויים אויף בראָנדזענע הויטן,
קערט מען זיך אום צו דער נאַכט פון טאָל.

גדעון, אויסגעברוינטער קײַלעכדיקער יונג!
ווי שיין האָסטו דו אויפן אייזל זיך געוויגט
דורך דער צוגעפאַלענער טונקל קיין סדום.
דער ברען פון די אויגן האָט דיך געפירט
אויפן דראָבנעם אייזלדיקן וועג.
צוויי געזאָטלטע זעק האָבן געצויגן אַראָפּ,
ווען האָסט אין חלום געריטן פון ים־המלח
צו די הויכע אויסגעלאָשענע שטערן.
אַ באַשאַפענער שאָטן האָסטו אויסגעזען,
ווען ביסט אַראָפּ מיטן פאַרשטיינערטן שטראָז
צו די ווײַסע בערג פון לוטס ווײַב.

ווו איז גדעון דעמאָלט אַהינגעקומען?
ער איז אַוועק צום געזאַנג פון עין־גדי
היטן די ווײַנגערטנער פון שיר השירים.
ר'ווייסט דאָך נישט ווו ס'לויערן די פלישתים?
אפשר פון די היילן פון עבר הירדן,
צי גאָר פון די פעלדזן פון יריחו?
גדעון ווייסט נאָר וואָס ער האָט געלערנט:
מלכים זענען אויפגעשטאַנען, זענען געפאַלן;
רק מלחמה געהאַלטן מיט ווײַטן, מיט בערג.
די שטאַרקע זין פון ישראל, פון יהודה,
האָבן געשלאָגן די רײַטוועגן פון מואב
און זיי פאַרברענט אין גאָטס צאָרן.

פז.

גדעון איז פון „שופטים" שוין אַוועק יאָרן;
תמיד אויף די פלישתים אַ האַרץ געטראָגן.

ווּ איז ער נאָך „שופטים״ אהינגעקומען?
ר׳איז איבערן פלויט אריבער צו דער זון
מיט רויטע אויגן, מיט אָנגעקליבענע ציגל;
ווי דוד זיך געיאָגט נאָך „יאָזעקס״ שטערן.
ער איז אַליין אַראָפּ אין טאָל פון פאַרנאַכט,
דערנאָך זיך אומגעקערט ווי נאָך אַ שלאַכט.
וואָס ווייסטו דער שפּאַציר אויף פּאַנסקע־גאַס
פון גדעונס סמ׳יקן כעס?
פון זײַנע געפּאַנצערטע געיעגן
נאָך די שקצימדיקע געשלעגן?

אַזעלכע וואָרן גייען אויף בײַ די בערג פון סדום.
דורכזיכטיק זענען די ווײַטע ערד, די הימלען.
די זון זיצט פאַרהויקערט אין די קעמלען.
בראַנד זענען די זאַמדן, די געזיכטער.
דאָ האָט גאָט חרוב געמאַכט לוטס שטאָט —
און וויסטעניש, וואַסער און ווינט איז דאָ,
פּונקט ווי גדעון האָט אין חדר געלערנט.
ווי פון בראשית אָן שטייען דאָ די פעלדזן
געשלאָגן פון צאָרן און פון שטראָף
נאָך יאָרן דורותדיקן שלאָף.

פּח.

ארץ־ישראל האָט טל וגשם פאַר אַלץ.
אין סדום איז די וויסטעניש האַרט פון זאַלץ —
אין די ימען דאָרט ראַיען נישט קיין פיש,
און ס׳האָט דורך יאָרן שטערן גאָרנישט זיך געמערט.
זוניקע יונגען גייען אין די נעכט אַהין
מיט אָפענע פאַרשאַרטע העמדער,

מיט אָפענע פאַרזאַלצענע ברוסטן
און בלײַבן ביי די טײַכן ווי פראָסט
און ס׳געזאַנג הילכט אָפּ אויפן וואַסער.
בײַטאָג גייט מען דאָ צו דער זון אין פעלד,
בײַנאַכט — צו דער לבנה פון גלאַטן טייך.
די קליידער, די האָר ווערן פון זאַלץ ווײַס,
ווערן אָוונט-פייכט, גליטשיק, ווי אייז.
האַלב אימהדיק, האַלב האָפערדיק,
היט די ביקס די נאַכט, די ווײַט;
די געאַנקערטע שיפן אויף דער קייט.

פון סדום ביז דן זענען וואַסערן אויסגעשפּרייט;
ווערט אַ פאָלק פון גאָט געשפּייזט.
אַהין, צום ים-המלח טייכן,
קומען אָן שטאַרקע ייִדן;
ייִדן ווי איטאַליענער, ווי ציגײַנער —
אָנגעלאָפענע פון אַטען, קאָנסטאַנטינאָפּאָל.
נאָר גדעון איז נאָך שביעי של-פּסח דעם ים אַריבער;
בײַ דער ערד דאָ געבליבן אין האַלבן טאָג —
אַ פאַסטעך געוואָרן אין האַלבן פאַרנאַכט —
אַ פישער געוואָרן אין דער האַלבער נאַכט. —
ער האָט אַ בריִענדיקן כּוח, אַ שלאָגנדיק בלוט;
אַ שטענדיק געזאַנג פון ליכטיקן מוט.

פּט.

עס קלינגען די ברונימער נאָך אַ טאָג זון,
נאָך אַ טאָג פעלד, נאָך אַ טאָג אייזלדיקן אַקער.
מ׳שטייט אויסגעשטעלט אין באַרוועסן ראָד
מיטן ביסל שוויים, מיטן ביסל בלאָטע

פון רויטע זאַמדן, פון היץ און ברי.
די דורשטיקע ווײַבער וואַשן די האָר, די פיס —
די דורשטיקע מאַנסבילן — די האָריקע הענט.
אויפן ווײַטן הימל פאַרגייט אַ חלום קיל,
גדעונס אויגן ווערן טרויעריק שטיל.
אַ בראָנדזענער — רײַט ער אַהיים צו די שטערן
פון קיבוצדיקן ווערן.

מיינסט —
שטייסט בײַם ניו־יאָרקער שיפּסהעד בעי.
נאָר אָנשטאָט פראָסט און קריִעס אײַז,
זעסטו פעלדזן פון געזאַלצענעם ווײַס.
קאָנסט נישט זאָגן, אַז ס'גיט דיך נישט אַ צי
צו יענע ערשטע טעג פון פּראָסטיקן ליד,
כאָטש שטייסט דאָ שוין אַ דערוואַקסענער ייִד.
וואָר, עס האָט חנהלע אַריינגעלייענט אין דיר
דעם טרויער פון לוטס ווײַבס הויפן זאַלץ —
דאָך קאָנסטו נישט פאַרגעסן דעם שיפּסהעד־בעיער טאָל,
ווו דו האָסט אַ גרין ייִנגל געחלומט פון ארץ־ישראל.

צ.

כ'האָב אַ צעריסן הארץ, סדום!
כ'וויל אי זײַן דאָ, אי בײַם האָדסאָן.
אַהין ציִען מיך די פינף און צוואַנציק האַרבסטן,
די זומערס, די ווינטערס, די זיסע־ביטערע יאָרן;
די שווערע טעג פון אויסגעדויערטן טרויער;
די זין, וואָס האָבן מיך געמאַכט האָפערדיק, גרויער —
און יענע יונגע זון פון דער איסט־סאַיד,
וואָס איז געוואָרן פון יענער שטעטלדיקער ווייט?

און צום סוף: דאָס שטיקל ערד פון לאָנג-איילאַנד,
וואָס האַלט טאַטע-מאַמע אין ליימענעם טאָל —
נישט לײַכט צו פאַרלאָזן אַזעלכעס, ארץ-ישׂראל!

כ'האָב אַ צעריסן האַרץ, סדום!
איך וויל זײַן ביי דיר
מיט דײַנע דורות חומש אין מיר.
ווו זאָלסט נישט לעבן, שטאַרבן,
האָט מען דיך פון חדר-אוים געאַרבט.
אַלע שיינע סדרות פון דער וואָך,
זענען פאַרן יִנגל געווען אַ ליכטיקער יאָך —
בלויז ביים פאַרהערן איז ער אומעטיק געוואָרן
חומש-רש"י צו קענען,
ר'זאָל דעם רבינס באָרד נישט דערצערנען.
אויב דו ווילסט, גאָט, אַ חומש-יִנגל שטראָפן,
שיק אויף אים אָן דעם בייזן דאָנערשטיק!

אַזאַ, און נאָר אַזאַ,
בין איך געקומען צו דיר, סדום.
אַזעלכעס, און נאָר אַזעלכעס,
האָט מיך געלערנט טראָגן מײַן חלום
אין די פרילינגדיקע זונטיקס,
ווען ס'האָט מיך געצויגן צו די בערג פון אפרים;
אין די זומערדיקע זונטיקס,
ווען ס'האָט מיך געצויגן צו די פעלדער פון מואָב;
אין די האַרבסטיקע זונטיקס,
ווען ס'האָט מיך געצויגן צו די געלע טאָלן פון אפרת;
אין די ווינטערדיקע זונטיקס,
ווען ס'האָט מיך געצויגן צו דער ווײַסקייט פון ים-המלח.

און אין די שבתים?
יאָ, אין די שבתים האָט זיך אָנגעהויבן די לוסט.

וואָס אַזוינס ס'איז געווען האָב איך נישט געוווּסט.
כ'ווייס נאָר, אַז דאָס האַרץ האָט אַוועקגעפלאַטערט
צו דער ווײַטקייט פון לויפנדיקע באַן־שטרעקעס.
אַלע מאָל נאָכן „פרק" בין איך צו יענער בריק אַוועק,
ס'אויג געלאָזט נאָך די פאַרקירעוועטע שינעס.
אַהין האָט דער קילער גלאַנץ ס'האַרץ געטראָגן,
האָבן אומרוּיִק די שלייפן געגומען שלאָגן.
אָ, וויפיל חלומות האָב איך דעמאָלט איינגעחלומט,
האָב איך דעמאָלט אַליין נישט פאַרשטאַנען —
און זיי אַוועקגעלאָזט מיט די שבתדיקע באַנען?

צא.

אין לופט פון חודש תמוז האָט מען געבענקט.
אין אומעט פון שבט איז מען טרויעריק געווען;
אַך, ווי טרויעריק עס האָט דער שניי אויסגעזען!
ווען עס האָט געבליִט דער שבת, די פרומע שויב,
איז מען אָנגעקומען מיט אַ ביסל שבת־אויבס.
ס'איז נישט געווען יענער זומער־פאַרנאַכט,
וואָס זאָל ציען צו דער ווײַט פון גליִען. —
אַ קאַלטער פחד האָט געבלאָזן פון שניי,
מאַטע שטערן האָבן געלויכטן ווי בליי.
סײַווי, ווי קאָן אַ ווינטער־יִינגל גיין קיין סדום,
אַז אויפן ווייסליק יאָגן קריִעס אײַז מיטן שטראָם;
אַז פייגל בלײַבן פאַרשטײַפּט אין דער לופט
און ריישע זעט אויס ווי די סדרה פון לוט?

אָ, איר טרויעריקע שבתים פון שבט!
אַחוץ די שנייִיקע שטערן אין פראָסט,

וואָס האָבן געלויכטן ווי שטיקלעך גלאָז —
און דאָס גליטשן זיך פון דער נאַכט אַרויס,
איז גאָרנישט פאַר אַ ייִנגל געוועזן אין דיר.
רוקט זיך אָפּ — איר ווינטערדיקע וואָלקנס!
זאָלן די ביימער צעגייען אויף די טונקעלע שויבן;
כ׳וויל נישט אַזאַ וואַלד, נישט אַזעלכע פענצטער;
נישט אַזעלכע ווײַסע וועלף אין דער פינצטער.

צב.

יאָ, בלויז דאָס האַרץ פון אַ ייִנגל ווייסט
ווו ס׳קומט די לבנה אַהין זומער־בײַנאַכט.
מיטן גרינעם שטראָז שווימט זי איבערן גראָז
דורך די קילע קאַשטאַנעס, דורך יונגן בעז,
מיטן באָרוועסן ייִנגל אין חודש סיון אַוועק.
וואָס דער אמת, גייט אים עפּעס אָן אימה נאָך,
ווייל ר׳איז פון שטוב אַ תחום־שבת ווייט.
בלויז ס׳לייב־צודעקל מיטן ביסל ציצות
האָט פון אים די בייזע רוחות אָפּגעטריבן,
ער זאָל ווי די לבנה קאָנען רויִק גיין
צום חלום פון שטעט, פון שיפן, פון ימען.
אַלע חדר־מעשׂהס זענען אים נאָכגעגאַנגען —
שענערע ווי חנהלע האָט אים געלייענט
אין די ברכי־נפשהדיקע ווינטערס.
ער האָט זיך אַליין צו די זומערס געטריבן,
איצט איז ער ווי דער יאַשמין געבליבן.

צג.

אין דער פרי שטייט אַ העל ייִנגל אין פעלד,
בלויז דער זון גייט נאָך אין דער וועלט.

ווער, ווי זי, רויט אין מערבדיקן טרויער,
און גיי־אויף אין מזרחדיקן דויער —
און פון דאָרט גיי קיינמאָל נישט אַרויס.
בלײַב איבערן פֿאַרגליווערטן סדום שטיין
ווי דעמאָלט, ביי חנהלעס סדרהדיק געוויין.
אַך, ווי די מעשה־לוט איז געווען שיין!
איצט, סדום, שטיי איך בײַ דיר מיט דעם אַלץ
מיט חנהלעס טרויעריקן ניגון פון הויפן זאַלץ.

צד.

אויף די שטעגן צו דער ירושלימער זון,
אויף די וועגן צו די ירושלימער מויערן —
גייט סאָנע אויף־און־אָפּ אין טרײַער וואַך.
די אויגן לײַכטן מיטן מעש, מיטן בראָנדז
פון די מערבדיקע וואָלקנס פון חודש ניסן.
אַנדערש איז הײַנט די נאַכט פון אַנדערע נעכט.
ער היט די בערגלעך טרויער — ערב פּסח.
אַ פּאַס־פּײַער — אַזאַ גרינער, אַזאַ געלער
ליגט אויפן לויפנדיקן שטראָז,
און סאָנע, אַ געפּאַנצערטער מיט שרויט,
היט דאָס שטיקל ערד פון צאָרנדיקן טויט.
ס'איז זײַנס, נאָך פון דער הגדה אָן,
איז ער איצט די מויער און די וואַנט
צווישן זונאויפגאַנג און זונאונטערגאַנג.
ער וועט דעם זיידנס — לשנה הבאה בירושלים
נישט לאָזן פאַרצוקן.

סאָנע ווייסט:
ווען ס'בית־המקדש וועט צוריק אויפגעבויט ווערן,
וועלן די ירושלימער שטיינער לײַכטן ווי די שטערן.
איצט אָבער ליגן בערגלעך פאַר זײַנע אויגן, —
ייִנגלעך, מיידלעך, וואָס האָבן פון די הרי־יהודה
ווי שטיינער צו די טאָלן זיך אַראָפּגעקאָלערט.
ווי לאַנג קאָן אַזאַ סאָנע גיין אויף־און־אָפּ,

אַז מ'דאַרף רו, אַז מ'דאַרף שלאָפֿן ?
דאַכט זיך בלויז אַ תחום-וועגס קיין ירושלים ;
ר'זעט דאָך חברון, ר'זעט דעם כותל-מערבי ;
די פּאַרוויינטע שטיינער פֿון חנהלעס רויטע אויגן —
און דאָך אַזוי ווײַט, אַזוי שווער אַהינצוקומען.
אַ מעת-לעת שמירה פֿאַר איין יונג אַליין,
דאַרף מען זיין פֿון אײַזן, פֿון שטיין.
וואָר, אויף סאָנעס אַקסל רוט די ביקס.
ווער אָבער וואַכט איבער אים ?
דער כוח פֿון עבדים היינו.
ס'איז דאָך פּסח-בײַנאַכט איצט,
ס'איז דאָך דעם טאַטנס ביד חזקה ;
ס'קול ביים ליכטיקן זילבער פֿון כוס —
איז אין זכות דערפֿון,
קאָן סאָנע היטן די לבנה און די זון.

צה.

מיט די שטערן איז סאָנע אַריין אין חצות
פֿון כמה מעלות טובות.
דאָס אויג, די ביקס זײַנע וואַכט
איבער די בערגלעך טרויער פּסח-בײַנאַכט.
אַליין אַ שניי-ווײַס ציגעלע פֿון חד-גדיא,
דרייט זיך סאָנע אום צווישן אַראַבישע וועלף.
וואָס זענען שולדיק דאָ די בערג פֿון יהודה,
די פֿייערלעך שרעק, וואָס לויערן אַראָפּ ?
ר'ווייסט, אַז צו חד-גדיא איז געקומען גאָט
און געשאָכטן דעם מלאך-המות
און דעם טאַטנס ציגעלע איז געבליבן גאַנץ.

צום האַפּערדיקסטן פון נאַכטיקן שרויט,
איז די זון, וואָס גייט איבער יהודה אַרוים רויט.
אַלע מזרחן אין די קלויזן זענען דאָך געווענדט אַהין
און סאַנע איז דעמאָלט קיינמאָל נישט אַליין —
די געלאָדענע קאַראַוואַנען וועלן בשלום אַדורכגיין,
זיך דורכרייסן דעם באַלאַגערטן פײַער און צאָרן
מיטן כוח פון די געוויינען פון דורות יאָרן —
מ׳וועט נאָך הײַנט, פּסח, קיין ירושלים אַריין.
אין יעדן חייל איז הײַנט דאָ אליהו־הנביא,
וועלן זיי דאָס טויער פון ירושלים עפענען;
אויסשרייען דעם „שפוך״
מיט וואָרן פײַער, מיטן וואָרן רויך
און פאַרטרײַבן דעם פײַנט, וואָס צווישן די בערג,
מיט זײַערע געזינדער, וואָס צווישן די פעלדזן.
די אויפגעשטעלטע פעסטונגען וועלן פאַלן,
די אויפגעשטעלטע מויער־שטיינער וועלן פאַלן.
מ׳ווייסט, ס׳וועט געדויערן;
הגנה־יונגען וועלן זיך שטעלן ווי מויערן,
וואָרים פאַר ירושלים עירך
איז נישט גענוג בלויז די רעכטע האַנט,
אָן ירושלים
איז ארץ־ישראל נישט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד!

צו.

פאַר סאַנעם וואָך בײַנאַכט,
שווימען אויף יענע היימישע זוניקע פעלדער,
ווען ס׳איז געווען אַ שפּיל צו זײַן אַ זעלנער.
מיט יענעם ייִנגליש־זעלנערישן לוסט,
איז איצט געפּאַנצערט סאַנעם ברוסט.

ער רעדט צו דער ביקס, צום אַנגעגרייטן גראַנאַט,
צו די בערג אַרויף, צו די טאָלן אַראָפּ:
„צינד מיך נישט אָן, שונא, איך בין פֿײַער,
איך בין פֿלאַמיקער שפּריי פֿאַר דײַנע הײלן.
צו קויל און צו אַש ווּעסטו ווערן,
ווען ווּעסט מיינע יונגען שטערן!״.
סאַנע האַלט דאָס האַרץ אין דער האַנט,
סאַנע ווערט פֿאַרהאַרטעוועט ווי אַ וואַנט.
אויב שוין פֿאַלן פֿון אַ שונאס קויל,
זאָל עס זײַן פֿאַרן ייִדנס ארץ־ישראל!

שטאַרקע מיידן, פֿאַרעקשנטע יונגען,
שיטן זיך ווי פּולווער מיט ווּעגענער אײַזן.
ווי די אייזלען איינגעשפּאַרט קומט מען אָן
פֿון די ווינקלען, פֿון די טיפֿענישן פֿון די טאָלן,
קומט מען פֿון די הויכקייטן פֿון די בערג
און ס׳שפּריצן געווערן ווי פֿון איין מענטש,
ווי פֿון איין שאָס שפּריצן שטיקער ערד.
בײַם וועג וויקלען זיך פֿלאַמען ווי שלאַנגען
און ירושלים איז אָט־אָט צו דערלאַנגען.
קלאָר איז דער הר־ציון, די שפּיצן פֿון חלום —
און מ׳לאָזט הינטער זיך בערגלעך גיבורים
אַלץ פֿאַר דיר, פֿאַר דיר — ירושלים!

צז.

ובני ישראל יוצאים ביד רמה —

מיט דער אויפֿגעהויבענער האַנט,
די ביקס איבערן לאַנד,
ווערסטו, סאַנע,

פון איצט־אָן אַ פֿאָלק!
לאָז נישט לויערן אויף דיר פון די בערג!
יאָג זיך אַריין אין זייערע געפֿאַרן
מיטן פֿלאַם פון דײַן שטאַם,
מיטן פֿלאַם פון די הינטער דיר!
ביסט נישט אַליין, סאָנע —
ס׳גייען הינטער דיר יונגען מיט פּיאות,
זין מיט קאַפּאָטעס און שיטערע בערד,
בחורים באָרוועסע אויף דער בריענדיקער ערד,
יונגען געזעלן מיט גריוועס איבער די אויגן,
וואָס האָבן פון ווײַטע היימען אַהערגעצויגן,
יונגען, וואָס האָבן זייערע תּפֿילין פֿאַרוואָרפֿן,
זין, וואָס האָבן הייליק זיך דאָ געטראָפֿן,
יונגען, וואָס טראָגן אונדזער אַלעמענס האָפֿן.

ביסט נישט אַליין, סאָנע —
ס׳גייט הינטער דיר דער ברען פון מיידן, —
טעכטער, וואָס זענען זעלנעריש שטאַרק ווי דו,
וואָס האָבן טאַטע־מאַמע פֿאַרלאָזט צו זיין דאָ,
מיידן, וואָס זענען געקומען שטאָלץ און הייליק,
טעכטער וואָס קאָנען יאָגן ווי הירשן איבער טאָלן,
וואָס האָבן זיך געלערנט פון די אַמאָלן,
מיידן, וואָס זענען אין ארץ־ישראל געבוירן,
וואָס האָבן צו שטאַרבן פֿאַרן לאַנד געשוווירן.

צח.

ווער עס לערנט הײַנט
דאָס געזאַנג פון געזאַנגען, וואָס פון שלמהן —
סאָנען מישט זיך איצט אין קאָפּ דעם רבינס טײַטש

פון גאָטס פײַערדיק וואָרט צו זכריהן:
„אָפּן וועט זיין ירושלים,
באַזעצט פון מענטשן און פי
און איך וועל איר זיין אַ מויער פון גלי.
זע, איך העלף מײַן פאָלק
פון דעם לאַנד פון זונאויפגאַנג.
זע, איך העלף מײַן פאָלק
פון דעם לאַנד פון זונאונטערגאַנג.
איך וועל זיי ברענגען אַהין
און זיי וועלן הויזן דאָרט.
אין יענעם טאָג וועט גאָט פון צבאות
באַשירעמען די באַוווינער פון ירושלים
און מיר וועלן איר זײַן אַ פאָלק!".

צט.

נאָענט, נאָענט ווערט ירושלים.
אָפּגערוקט ווערן די וועגן הינטער זיך
מיט ישראלס געפאַלענע זין און טעכטער.
זיי ליגן ווי שטיינער, ווי קלעצער, ווי פעסער
נאָך אַ מעת-לעת שלאַכט,
נאָך אַ טרויעריקן פסח-בײַנאַכט.
בערג זענען געדיכט, זענען גרין
און האָבן אַ טבע צו נאָרן
ווען מען גייט דורך געפאָרן.
און ווײַל אַזוי —
וואַקסט עפּעס דער כוח, דער מוט
בײַ די רעשטלעך יונגען און מיידן
און זייער צאָרן שטײַגט צו די הייכן
מיט האַרמאַטן, וואָס שפּריצן ווי טייכן.

מ׳וויל נאָך הײַנט די זון פאַרכאַפּן,
זי נישט לאָזן אונטערגיין אין חברון —
אויפן כותל־מערבי וועט זי זיך זעצן,
ס׳איז אונדזער זון פון אונדזער מזרח!

חייל, חייל — זינגט הײַנט דאָס געזאַנג
פון משהס פערציק־יאָר מדברדיקן גאַנג,
פון שטעקן, וואָס איז געוואָרן אַ שלאַנג;
וואָס האָט פרעהס טייכן געמאַכט רויט;
וואָס האָט דעם ים ווי צוויי ווענט אויפגעמאַכט.
ווי בערג האָבן די וואַסערן זיך אויפגעשטעלט —
און אַ וועג איז געוואָרן אַזאַ לאַנגער
פאַר לויפנדיקע געזינדער, פאַלנדיקע קינדער.
דורך בראַנד און דורך דורשט אַזוי,
איז מען געגאַנגען פון קנעטנדיקן ליים און שטרוי
צום גאָט פון משהס איינגעשפּאַרטן נס.

אָז ישיר צו אײַך, חייל!
בלויז משה איז אַרויף צום פלאַקער פון דאָרן;
געזען ווי פון גאָטס פײַער זענען לוחות געוואָרן.
אַ פלאַקער ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.
אַ קול רעדט און משה ווערט פאַרבלענדט:
— גיי, זאָג דאָס פאָלק פון יציאת מצרים,
אַז ביסט צו זיי געשיקט געוואָרן פון גאָט
מיט די צוויי טאָוולען פון די צען געבאָט! —

און משה האָט פון הר־סיני געזען
דאָס עגל פון געשמאָלצענעם גאָלד —

און משה האָט פון הר־סיני געזען
אַ טאָל אַנטבלויזטע ווײַבער אין גלוסט —

און משה האָט פון הר־סיני געזען
אַ ווילדן לײַבערדיקן קראַנץ אין אַ טאַנץ —

און משה האָט פון הר־סיני
די צוויי טאָוולען געוואָרפן;
אויפן גאָלדענעם קאַלב
די שטיינערנע לוחות צעבראָכן.

אָז ישיר צו אײַך, חיל!
זינגט אוים די שטאַרקייט פון גאָטס האַנט.
פּרעהס רײַטוועגן זענען געבליבן שטעקן אין זאַמד;
זײַנע רײַטערס זענען ווי שטיינער געבליבן אין ים.
איצט, אין דער נאַכט פון יציאת מצרים,
פירסטו אויפסנײַ דאָס פאָלק קיין ירושלים.
דײַן אימה, דײַן פּחד איז געפאַלן אויף זיי.
מיר קומען צום אָרט, צו דער שטאָט
וואָס האָסט פאַר אונדז אויפגעשטעלט, גאָט!

ק.

אַ זיג איז בלוט, אַ דורכגעלעכערטע ברוסט;
אַן אָפּגעריסענע האַנט, אַ דורכגעשאָסענער פוס —

אַ זיג איז אַ געפאַלענער זון, אַ געפאַלענע טאָכטער
אויף די וועגן בײַ די שטאָלצע בערג פון יהודה —

אַ זיג איז אַ צעשאָסענע שטוב, אַ צעפאַלענע מויער;
אויסגעוואַקסענע קברים אין בערגלעך טרויער.

מען גייט פון אַ שלאַכט פון פּנים אל פּנים.
מ׳גייט פון באַיאָנעטן פון ברוסט קעגן ברוסט.

ביַים ירושלימער דורכרײַס האָט אויפגעזאָגט דער צאָרן
פון שײַטערהויפנס, פון דורות אויסגעוויינטע יאָרן.
פון אַלע אומשטענדן פאָרן אָן ווענענער פּראָוויאַנט;
פון טבריה, פון חיפה, פון רחובות, פון גאַנצן לאַנד.
ס׳טאָרן נישט הונגערן די קינדער פון ירושלים
אין דער ווײַסער נאַכט פון יציאת מצרים.

ווער זענען עס די הגנה־זין, די הגנה־טעכטער,
וואָס האָבן ארץ־ישראל נישט געלאָזט צעשיידן?
זיי זענען די זין, די טעכטער פון היימישע טאַטעס,
פון אַזעלכע, וואָס זענען יינגלווײַז אַוועק חלוצים —
זיי זענען די זין, די טעכטער פון היימישע מאַמעס,
פון אַזעלכע, וואָס זענען מיידלווײַז אַוועק שומרותקעס —
וואָס זענען אויסגעשטאַנען אַלע דורשטיקע זאַמדן,
אויף די אַקסלען געטראָגן די היץ פון מדבר
און איינגעגראָבן יונגן לוסט, יונגן כוח
אין דער ערד וואָס איז דײַן, וואָס איז מײַן.

און נישט נאָר די זין פון זיי —
נישט נאָר די טעכטער פון זיי —
די פאַרגרויטע יונגוואַטע טאַטעס גופא,
וואָס האָבן אַמאָל ווי יאַשמין געבליט,
אין געזיכט דאָס בלוט האָט געבריט,
זיך אומרויִק געריסן צו דיר, ארץ־ישראל —
זיי האָבן איינגענומען דאָס לאַנד
מיט זייערע זין פון ציוֹן באַנאַנד.

און נישט נאָר די זין פון זיי —
נישט נאָר די טעכטער פון זיי —
די פאַרגרויטע מיידעוואַטע מאַמעס גופא,

וואָס האָבן אַמאָל געפּלאַטערט אין בלוזעס זײַד;
פֿײַער איז געווען אין הייסן שאָרף פֿון קלייד;
זיך געריסן מיט געזאַנג צו דיר, ארץ־ישראל —
זיי האָבן איינגענומען דאָס לאַנד
מיט זייערע טעכטער פֿון ציון באַנאַנד.

קא.

מ׳גייט צוריק איינגעמען דעם סידור — ירושלים:
די בלעטער, וואָס האָבן געוויינט אויף אירע מויערן,
וואָס האָבן רק געהאַלטן אויף איר אין טרויערן
אין אַלע וואָכעדיקע שמונה־עשׂרהס,
ווען מ׳איז געשטאַנען אין סוחרישע קליידער,
ווען מ׳איז געשטאַנען אין טרעגערישע קליידער.

מ׳גייט צוריק איינגעמען דעם סידור — ירושלים:
די בלעטער, וואָס האָבן געוויינט אויף אירע מויערן,
וואָס האָבן רק געהאַלטן אויף איר אין טרויערן
אין אַלע שבתדיקע שמונה־עשׂרהס,
ווען מ׳איז געשטאַנען אין ספרדישע בגדים,
ווען מ׳איז געשטאַנען אין אשכנזער בגדים
און זיך אויסגערוקט מיט: עמו ישׂראל בשלום!

ס׳איז עפּעס אַן אַנדער גיין — ווען מ׳גייט קיין ירושלים.
ס׳איז עפּעס אַן אַנדער ציטער — ווען מ׳גייט צו אַזאַ שטאָט.
מעגסט זײַן אַזאַ, וואָס ביסט נישט ווי דײַן זיידע פֿרום,
אָבער אַז דו זעסט דעם הר־ציון — ווערן די אויגן שטום
און די טרער דײַנע ווערט גיך פֿאַרגלייזט ווי פֿראָסט.

ביסט, סאַנע, אויפֿן הויכן וועג צו דער זון
און נישט מער אין וואָך פּסח־בײַנאַכט. —

כ׳האָט זיך געעפנט דאָס טויער פון אליהום מויער
און ס׳איז ירושלים צוריק דעם טאַטנס, צוריק מײַן,
כאָטש כ׳האָב דעמאָלט די זכיה נישט געהאַט אַרײַנצוגיין
מיט דיר, מיט אַלע דײַנע זעלנערישע יונגען באַנאַנד
אין דודס שטאָט פון מײַן לאַנד.

נעם מיט, סאַנע, מיין טרער צו דער ירושלימער מויער
און לאָז זי פאַלן אויף די בערגלעך טרויער
פון די יינגלעך, וואָס זענען מיט מיר אַוועק קיין ווין,
דערנאָך פון מאַרסעי זיך געלאָזט אַהין.

גאָט,
וויפיל ליגן זיי אונטער די בערגלעך אַש
און נישט אין זינדאָפּפער,
נישט אין שולדאָפּפער,
נישט אין בראַנדאָפּפער,
אַ יינגלאָפּפער —
האָבן זיי געברענגט צו דיר,
ווי דו האָסט צו משהן גערעדט,
אַזויצוזאָגן.

קב.

אַלע אָבות האָבן זיך געמיט פאַר די זעלנערישע יונגען;
צעשאָסענע, מיט פאַרבונדענע קעפּ האָבן זיי זיך צעזונגען
אין יענער באַלאַגערטער סדר־נאַכט פון ירושלים עירך:
— צו דײַן שטאָט זאָלסטו זיך אומקערן!
רועץ זאָלסטו אין איר ווי האָסט גערעדט;
זי בויען אויפדאָסניי אין אונדזערע טעג. —
ביסט נישט אין חלום, סאַנע — ירושלים זעסטו.
שפּרינגענדיקע קינדער מיט יידישע קעלעכלעך, הערסטו;

אַזעלכע, וואָס זענען פון חד־גדיאָ אַרויס אַקעגן
און נישט מיט רויזן — מיט ליכטיקן פּלאַטער.
וואָרים ווי בר־כוכבא האָט איר ירושלים אײַנגענומען.
וואָר, ווי נאָך יעדן נצחון פאַלן העלדן און מויערן,
בפרט ירושלים, וואָס מוז אויסהאַלטן און דויערן,
ווײַל אַ פאָלק טוט אויף איר עד־היום טרויערן.

ווייסט דאָך, סאַנע, ווי אומעטיק ס'איז געוואָרן ריישע
אין פאַרנאַכט צו איכה ישבה בדד העיר?
אַ שטאָט יידן האָבן פאַרהאַקט טיר און טויער,
אַ שטאָט יידן זענען געבליבן אין פאַרשטיינערטן טרויער,
ווייסט דאָך, סאַנע, ווי אימהדיק ס'איז געוואָרן די שטוב;
ווי ס'זענען די בענקלעך געלעגן אומגעקערט אויפן דיל?
אין חלב האָט אַ פלעמל געטאָפּיעט שטיל
און אַ מאָדנער פחד אַזאַ אויף די ווענט,
האָט אין דער נאַכט פון תשעה־באב געברענט.
מיט יענע גרויסע טרערן בײַ די קינות,
מיט יענעם גרויסן טרויער אין קלויז,
מיט יענעם פאַרנאַכט פון ירושלים ד'ריישע
פון ירמיהוס אָנגעוואָרפענער איכהדיקער שרעק,
ביסטו, סאַנע, קיין „פּאַלעסטינע” אַוועק.

און איצט?
איצט ביסטו, סאַנע, אַריין אין אמתן ירושלים;
אין דער שטאָט פון לשנה הבאה אין דער הגדה;
אין חנהלעם אויסגעווייקטע טרערן אויף איר,
וואָס האָסט אין ריישע אײַנגעזאַפּט אין דיר
פאַרנאַכט, צו איכה ישבה בדד העיר.
האַלט פעסט די שטאָט, סאַנע!
ירושלים איז דײַן
לעולם ועד, אָמן!

קג.

לאָז מיך נישט טרויעריק זײַן אויף מײַן ערד,
ארץ-ישראל!
פאַרשעמט מיך נישט, איר סאַברעדיקע יונגען-מיידן!
שיין זענט איר טעכטער;
זינגעוודיק זענט איר זין,
ווי דאָס געזאַנג פון שלמה המלכס עין גדי!
אָ, נישט שפּאָט פון מיר — אײַער גלות-ייִנגל!
פון ערד צו ערד —
פון ים צו ים —
האָב איך צו אײַך געצויגן
צו זײַן היימיש אין אײַערע קיִילעכדיקע אויגן.
ווי איך —
זענט איר די קינדער פון חומשדיקן טאַטן;
פון די זיידעס, וואָס זענען פון פרעהן אַנטלאָפן;
פון די שבטים, וואָס האָבן אויפן וועג זיך פאַרלוירן;
פון די, וואָס משה האָט אָנגעוויזן יענע זײַט ירדן;
וואָס זענען געווען די ערשטע דאָס לאַנד צו אַרבן —
און דאָס זענען געווען: סאַנע, אשר, נפתלי, אפרים,
וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהער נאָך מצרים.

קד.

אָ, לאָז מיך אין האָפּערדיקן ארץ-ישראל
זינגען דאָס געזאַנג פון חלוצימדיקן אַמאָל!

ביסט דאָס ליד פון מיינע יונגען — דײַנע טאַטעס —
ביסט דאָס געמיט פון יענע טעכטער — דײַנע מאַמעס —
ביידע — האָבן יונג זייערע שטיבער פאַרלאָזט;
האָבן יונג מיט טאַטע-מאַמע זיך געשיידט;
אָך, ווי זייערע אויגן זענען געווען וואַסערדיק רויט;
ווי זיי זענען געוועז גרייט פאַר ביטערע נויט!
מעגסט וויסן, לופטיקע סאַברע,
אַז זיי האָבן דיך געבויט און געמערט;
שטעט געשטעלט אויף דער ארץ-ישראל-ערד.

ניין — וואָס כ׳שרייב איצט איז נישט קיין ליד!
ס׳איז דאָס אויסגעטרערטע גאָלד פון אַ ייִד,
וואָס האָט עס פון אַלף-בית אָן אויסגעבריט.
לאָז, סאַברע —
אַ ליכטיקע הענגען די טרער אויף מיר,
כ׳האָב זי דורות אויסגעטראָגן פאַר דיר
זאָלסט זען ס׳זילבער פון גלות אין איר;
די טליתים, וואָס זענען דורך פײַערן געגאַנגען
צו אַלע כל נדרים, צו אַלע ונתנה-תוקפס —
צו אַלע שמע-ישראלס, צו אַלע כורת-בריתן —
צו אַלע פלאַמיקע שבתים, אַלע חסידישע טישן, —
זאָלסט זען ס׳זילבער פון גלות אין איר;
די שנירלעך פערל פון דײַנע באָבעס;
זייער צירונג צו ראש חודש-בענטשן;
זייער ברכה איבערן לאַנד צו גאָט פון אברהם...
די פאַרווייינטע צאינה וראינהס צו שבת-אויבס.

פאַרשעם נישט, סאַברע, די זילבערנע טרער
וואָס האָט מיך אויסגעחלומט צו קומען אַהער!

קה.

לאָז מיך אין דיר, סאַברע, דערקענען
די טאָכטער פון ירושלים!
לאָז מיך אין דיר דערקענען
דעם העלדישן זון פון יהודה!
לאָז מיך אין דיר דערקענען
אונדזערע הפטורהס, די שמונה־עשׂרהס;
די פרייד פון מרדכי ואסתר פון שושן —
פון אַזאַ ליכטיקן טרויער קום איך צו דיר!
פון אַזאַ לופטיקער לוסט זינג איך צו דיר!
קיין אַנדער געזאַנג פאַר דיר האָב איך נישט —
כ׳ברענג עס צו דיר פון אונדזערע קלויזן;
פון אונדזערע פאַרוויינטע, באַשיינטע יידן
מיט זייערע אויפגעהעלטע עטרות
ביים וואַנט צו ארץ־ישראל געווענדט.

מיט יענער עטרה איז מיין עלטערפעטער שלמה
אין האַלבן־חלום — איבער ווייטע שטעט אַוועק.
אין זיין האַנט האָט געבליט דער גייענדיקער שטעקן,
פאַר פרעמדע פעלדער ביינאַכט זיך נישט צו שרעקן.
מיט יאָרן קבלה איז ער פון שטוב אַוועק,
זוכן די פאַרלוירענע שבטים אין ווילדן העק;
זיי איינזאַמלען פאַר דער ערד פון כנען —
דערנאָך איז אים אַליין געווען באַשערט
צו רוען אַ רו אין דער צפתער ערד.

קו.

אָ, קוק אויף מיר, שלאַנקער עזרא!
וואַר, כ׳קום נישט, ווי דו, פון גלבוע —

דיך אָבער האָט געבוירן דער חלוץ־טאַטע, סאַנע,
וואָס האָט אין די טויערן דאָ געבויט דײַן געצעלט;
אין די טויערן דאָ דײַן שטאָט אויפגעשטעלט.
דײַן שפּראַך איז מײַנע פון באַרג סיני אָן.
איך האָב ס׳לשון אָפּגעהיטן
פון חומש;
די פּרשה האָט געקלונגען מיטן טראָפּ;
אין חדר אָנגעהאָרעוועט אַ גאַנצע וואָך;
לערנען „קדושים״ איז געווען אַ יאָך.
נישט דו אַליין, שלאַנקער עזרא,
ביסט דאָס ל״ג־בעומר יינגל פון מירון —
נאָך פון ריישע אוים בין איך געגאַנגען
צום קבר פון רבי שמעון בר־יוחאי.
מיטן וועג פון ר׳ שלמה לייבעלעס טיטשין,
בין איך, דורך שקצימדיקע שטיינער, אַהין
צו די פעלדער, צו די בערג פון ספירות.
מיט אַ בינטל־עסן, מיט אַ הילצערן ביקסל,
האָב איך מיטן ווײַסליקדיקן טײַך „כנרת״,
אַהין צום ל״ג־בעומרדיקן טאָל מירון
זיך אומגעקערט אַהיים מיט דער זון.

טז.

כ׳וויל דאָס אַלץ אין דיר, עזרא, דערקענען:
מײַן יינגליש פײַער אין דיר דערברענען.
לאָז מיך נישט טרויעריק זײַן דאָ אין לאַנד;
פיר מיך אין דײַנע איינגענומענע געצעלטן,
צו די וואַרימע בערגלעך העלדישע יינגלעך
פון די חלוצימדיקע שטעטלדיקע טאַטעס.
אויפן כביש־הגיבורה צו ירושלים־צו,

ליגן נאָך פאַרבליבענע שפּורן שלאַכט,
ווי אַ זכר פון ארץ־ישראלס גבורה.

— און וואָס איז דאָרט, עזרא?
דאָרט? דאָס איז די דינקייט פון עמק־הירדן,
דאָס אָפּגעגאָסענע גאָלד פון באַרג חרמון,
די שאָף וואָס קלעטערן צום פאַרנאַכט,
פון זייערע אויגן לויכט די נאַכט.

— און וואָס איז יענע הויך, עזרא?
דאָרט איז דער טוייקער באַרג עצמון!
פון דאָרט קומט דער מזרח פון דער זון,
וואָס מאַכט רויט דעם גאַנצן גליל העליון;
וואָס מאַכט אומעטיק דעם גליל־התחתון.
פון יענעם קילן זילבער אין דער פרי,
גייט אַרויס דאָס ליכט איבער דער ערד,
וואָס ווערט צווישן מנחה־מעריב פאַרצערט.

קח.

ווייז מיר, עזרא, אונדזערע נביאישע אַמאָלן,
נאָר פיר מיך נישט דורך די נצרתער טאָלן.
ס'איז אין מיַינע אָדערן, אין מיַין בלוט,
זיך צו שרעקן פאַרן נוצרים שטאָט!
ס'גייט מיר נאָך דעם טאַטנס אימה פאַר זיַין באָרד;
דער רויב און דרויב פון אונדזער זילבערוואַרג;
דאָס אויפגעריסענע העמד פון שיינדעלע מאַרק.
און בלוט?
רויטע שנירלעך ציצות זענען דאָס געווען,
ווען מ'האָט געשאָכטענע טליתים געזען.
אַ גאַנצן שבת האָבן ווי עופות געשריגן

אָפּגעריסענע קינדער פון די וויגן.
ווער וויל געדענקען יענע געשאָכטענע באָרד?
כ'האָב מורא, עזרא, פאַרן נוצרים שטאָט!

כ'בין נישט טרויעריק, עזרא, פאַר זיך —
נייַערט פאַר די סאַברעדיקע פלאַנצן,
וואָס בריִען ווי פּאָקשיוועס אין תמוז.
פאַרדאָס האָב איך ווי אַ נאַר,
די ביטערע טרער פאַר דיר אַראָפּגערעדט.
וואָר, פאַר אַ לאַנד מוז מען בלוט פאַרגיסן —
אָבער דו, עזרא, זייַ קיינמאָל נישט פאַרריסן!
כ'ווייס, אַז דאָ וווּ דו שטייסט,
זענען קברימלעך אויסגעלייגט
מיט חלבנע ליכטלעך
צוקאָפּנס די בערגלעך טרויער.

קט.

עזרא —
וועמעס טרער און טרויער איז שווערער?
ביידנס טרער און טרויער איז שווערער!
דייַנע איז דאָס ליכט פון ארץ־ישראל —
מייַנע — דער אומעט פון גלותדיקן אַמאָל.
פאַרשעם זשע נישט מיין אומעט, עזרא!
שפּאָט נישט פון מייַן מאַמעס פרומע שויב,
פון איר פאַרווישטן טוי צו דייַנע שטערן;
פון איר בעטן: — ישראל זאָל זיך מערן
צו דער „פּולער וואָך" פון דער הבדלה.
אַזעלכע געפלאָכטענע געלע זיבן פלאַמען,
האָבן דורכגעלויכטן די גלותדיקע מאַמע;

נישט פאַר זיך — נײַערט פאַרן לאַנד כנען,
אַזוי אַרום איז ארץ־ישראל אינעם ייִנגל אַריין.

אַזוי, און נישט אַנדערש, עזרא,
געהער צו מיר דײַן הימל, די זון.
ניין — נישט לײַכט איז געווען מיר
צו קומען צו דיר —
פרעג ביי סאַנען, דײַן חלוצדיקן טאַטן,
וואָס האָט פאַרן אימהדיקן צלם זיך באַהאַלטן,
ווען ר׳איז בײַנאַכט דורך שקצים געגאַנגען;
מיט אַ פאַרשטיינערט האַרץ און פאַרקילטן בלוט
צום שטיקל פענצטערל ליכט פון זײַן שטוב.
דערפאַר בין איך געבליבן אַ געזאַנג
פון „ריישע",
פון „אַמעריקע",
פון „אין דוד המלכם גיטער".
אין זיי האָב איך מײַנע שבטים געפינען;
די שיפן צו מײַן לאַנד צו קומען.
איצט, עזרא,
שטיי איך פאַר דיר אַן אויסגעפּרוּווטער
מיטן זעלבן אלף־בית ווי דײַנער!

קי.

פיר מיך, עזרא, צו די בערג העט,
צו די טויערן פון יענע שטעט,
וואָס זענען געווען רעכטפאַרטיק צו גאָט.
אין די בלעטער פון „מלכים אלף", „מלכים בית"
האָב איך געלערנט וועגן די שלאַכטן דאָרט.
אַלע זומער־פאַרנאַכט זענען מלכים געפאַלן,

אַלע זומער זענען מלכים אויפגעשטאַנען.
אַ מערכה — גאָט האָט זיך אָנגענומען,
האָבן זיי יענע שטעט אײַנגענומען.
ווּ זענען זיי, עזרא,
די דאָזיקע אײַנגענומענע שטעט?
— זיי זענען דאָ!
מיר, סאַברעס, זענען עם די „מלכים גימל",
און מיר האָבן זיי פונדאָסניי אײַנגענומען!
קום, יִינגל, פון בכל דור ודור
דורך די אויסגעגאָסענע וואַסערן פון ים-התיכון,
דורך די אויפגעלויכטע לעבנס פון עקרון,
דורך דער אור-בענקשאַפט צום מזרח פון עבר-הירדן,
ווּ ס'שטאַרצן אַרוים הייליקע שטיקלעך מויערן.
וואָס ווייזן פון אַ כותל-המערבי די אומות-העולם,
פון אונדזער העלישער גבורה פאַר ירושלים?
יריחו, יריחו — כאָטש ביסט איצט נישט מײַן.
ביסטו סײַווי בײַ מיר אין חומש געבליבן!
ווער נאָך ווי דו, אפרת, ווייסט,
אַז ביסט פון דורות-טרערן מיין?
עדות דאַרויף איז די מוּטער רחל.

קיא.

אַ האָפּערדיקער בין איך געקומען אַהער,
זינגען פון אײַערע טאַטעס — די אַמאָליקע יונגען,
וואָס האָבן זיך געלערנט אײַננעמען יעדן שטיין
פון דער ערד וואָס איז אי מײַן, אי דײַן, עזרא.
ביידע קומען מיר פון דער זעלבער ווערבע געוויין
פון על נהרות בבל.
טאָ זײַ נישט שטעכיק צו מיר, עזרא!

נעם מיך קיין דגניה, קיין מירון!
דערברען אין מיר דײַן דערקענען,
כ'הארץ טוט וויי, אוי טוט עס וויי!

כ'ווייס —
אַזויפיל זין זענען אַרײַן אין יונגן פײַער
איינצונעמען די ליכטיקע פלאַנצן פון יגור!
ס'איז געווען וואַרער שרויט, הייליקער טויט;
נישט די זון — די שטעט זענען געווען רויט!
וואָס ווייסן די אומות העולם פון די מעשיות אליהו־הנביא?
אַ שטאָט וואָס ווייקט אין יידישע טרערן,
קאָן קיין פײַער נישט פאַרצערן!
ביסט נישט געשפּאָלטן, ירושלים,
יענע העלפט איז אונדזער חלום
פון זכר למקדש כהלל —
דיך צו געדענקען אין אונדזער סידור,
נאָך דיר צו בענקען ביי אונדזער סדר.
כ'ווייס —
אַזויפיל טעכטער זענען אַרײַן אין לויער
דורכצוליכטיקן אונדזער טרויער!
כ'האָב געזען די צעשפּרונגענע קאַנאָנען
אויף די אײַנגענומענע וועגן פון גליל —
כ'האָב געזען פון דער צפתער הויך,
די צעבראָכענע שטיקלעך צאָרן פון „שפּוך".

קיב.

איך ווער דורכגעטרויערט פון דיר, עזרא —
איך ווער דורכגעפריידט פון דיר, עזרא —
פיר מיך צו די שפּורן אימה פון יענע טעג;

צו די פלאַמען פון יענע אויפגעהעלטע בערג,
ווען האָסט מיט בלויזן פײַער אין די הענט,
די פאַרבאָרגענע היילן פון די פלישתים געברענט.
איך וויל, עזרא, פילן יענע ביטערע געפאַרן;
די בערגלעך סאַברעס וואָס זענען געפאַלן —
און וויינען מיט די חלוצימדיקע טאַטע-מאַמעס
אויף אונדזערע ריישער דבורהס און סאַנעס.
דאָ, אין קברותדיקן טאָל, טרויערט דער חלום
פון די בלוי-ווײַסע שומרותקעס און שומרים —
דאָ זענען די נעכט פון כנען נישט אַזוי שיין;
זענען די נעכט פון כנען אַ שטענדיק געוויין.
ביסט נישט אַליין, עזרא!
ביסט די גבורה פון אונדזערע געזאַנגען;
אין דיר איז דער מלך חזקיה אויפגעגאַנגען
און עס איז גאָט דיר נאָכגעגאַנגען,
שלאָגן די פלישתים ביז עזה;
אײַנגענומען אירע טויערן, אירע געמאַרקן.
פון דער מויער-שטאָט — עכו,
האָסטו, ווי אַ לייב, זיך געריסן
צו ברענגען די זון פון ירושלים.

קיג.

כ׳שטיי איצט אויפן כביש הגיבורה,
וואָס אויף אונדזער זײַט ירדן,
און נעם אַרײַן די ווײַטסטע שטעט,
וואָס אויף יענער זײַט ירדן.
אָ, וויפיל חומש איז נאָך דאָרט פאַראַן
און איך קאָן אַהין נישט קומען?

איך קאָן נישט גיין קיין אפרת —
צו דער אויסגעזונגענער מוטער־רחל
פון אונדזערע „ואני״־יינגלעך פון „ויחי״.

איך קאָן נישט גיין צו דער מערת־המכפלה —
צו די אָבות פון אויסגעטרערטן זכור־ברית
פון אונדזערע סליחותדיקע באָבעס.

איך קאָן נישט גיין צום כותל־מערבי —
צו דער אויסגעוויינטער מויער
פון אונדזער אויסגעוויינטן דויער.

אַלע פאַרנאַכט גייט דאָרט פאַרבײַ די זון,
אַלע פאַרנאַכט ווערסטו טרויעריק דערפון.

דאָ אין דער הויך ציטערט דורך
גאָטס קול דורך ישעיהן:
ווידער וועט וואַרצלען, וועט בליִען
דער איבערבלײַב פון דעם הויז פון יהודהן!
דער מלך פון אַשור וועט אַהין נישט אַריינקומען
נישט מיט קיין פיילן, נישט מיט קיין רײַטוועגן.
איך וועל דיך באַשירעמען, ירושלים,
פאַר די קנעכט פון דודס וועגן!

פאַר די קנעכט פון דודס וועגן,
האָט דיך גאָט געשטאַרקט, עזרא —
און דײַן איז דאָס אָרט, ווו דו טרעטסט,
דײַנע זענען די טײַכן, די שטעט
אַהין וועלן די אשורים נישט קומען.

קיד.

דאָ, עזרא —
וועלן בלייַבן די זין פון דייַנע זין,
די טעקסטער פון דייַנע טעקסטער,
וואָרים זיי זענען אונדזער ירושלים,
זיי זענען די חכמה פון חפץ־חיים.
אין זיי שלאָגט די גבורה פון גלות,
שלאָגט דער וואָרער צאָרן פון עמוס!
זיי, די חלוצים,
האָבן אייַך אין יעקבס געצעלטן געבערט
גרויס צו מאַכן אונדזער ערד.
מיר האָבן דאָס גאָלד אויף די אויערן,
אין עגל־הזהב נישט פאַרלוירן —
אַלע אָפּגעטער האָבן מיר אומגעוואָרפן,
פאַר אַ בעכערל בורא פרי־הגפן.

וואָר, עזרא,
כ׳האָב נישט ווי דו, מיט שרויטיקן צאָרן,
אייַנגענומען ס׳לאַנד פון ברענענדיקן דאָרן —

נייַערט, עזרא,
כ׳בין בלויז געקומען פון דורות חדרדיקע יאָרן,
אַ יינגל, וואָס איז אַלע ווינטער געגאַנגען קיין חרן —

נייַערט, עזרא,
פון נבוכדנאצרס אימהדיקע גויים,
בין איך געקומען צו דיר פון „משפטים״ –

נייַערט, עזרא,
אַ ציטערדיקער מיטן חומש אין דער האַנט,
האָב איך אַלע טאָג אייַנגענומען אַ פרשה לאַנד.

איצט, עזרא, איז ביידנס די ערד!
איך וויל ווי דו, די בליענדיקע לענג פון ירדן,
די אויסגעחלומטע זון איבערן ים־התיכון —
ביידע זענען מיר געקומען באַוווינען שיבת־ציון.

קטו.

ווּ איז אַהינגעקומען חנהלעס פרײַטיק נאָכן יאַריד —
איר פרום געאײַל צו פאַרהאַקן ס׳שווערע געזיוועלב,
די צעוואָרפענע שניט־קראָם אויפן גראָבן טיש?

ווּ איז אַהינגעקומען חנהלעס קעשענע־לייזעכץ —
די פינעוווער־שטיקלעך, זעקסעלעך, קראַנען און ראַנישן;
דער צענטימעטער, די שליסלען, די טאָרבעדיקע וואָך?

ווּ איז אַהינגעקומען חנהלעס ערב שבתדיק געזיכט —
דער לוח, די לײַכטער, דער גאַנצער זילבערדיקער בליץ,
וואָס האָט געוואַרט אויף דער שקיעה פון בענטש־ליכט?

ווּ זענען אַהינגעקומען חנהלעס לײַכטערדיקע פלאַמען —
ס׳אָפּגעדעקטע פּנים, וואָס איז צו די ליכט געשטאַנען.
מיט פערלדיקע טרערן איבער די העלע רערן?

אין די צדקה־פּושקעס פון ר׳ מאיר בעל־הנס,
איז אַזעלכעס אַהינגעקומען אַלע ערב שבת!
ביים בײַשטידל האָט זיך אָפּגעשטעלט איר וואָך,
האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר דער סוחרישער יאָך.
ביי דער פּושקע האָט זי אַלע פרײַטיק געבעטן,
ר׳ מאיר בעל־הנס זאָל זיך פאַר איר מיִען,
פאַר דעם גאַנצן הויזגעזינד, פאַר כל־ישראל:
דער שבת קודש זאָל איר ליכטיק בײַשטיין

דעם אויבערשטן צו דינען, ווי אין פּסוק שטייט...
ס׳איז שבת אין הימל, שבת ביי די שטערן —
איצט, אין טאָל פון ר׳ מאיר בעל-הנס,
ווייס איך ווו ס׳זענען אהינגעקומען אירע טרערן.

קטז.

דאָס אויסגעוויינטסטע שטיקל ארץ-ישראל,
איז ביי חנהלען געווען ר׳ מאיר בעל-הנס טאָל.
און מ׳קומט טאַקע אהער אויסטרערן די אויגן;
איינרייסן פאַר חולאים, אויסבעטן זיווגים.
מ׳רעדט אַריין צו אים ווי צו אַ לעבעדיקן;
מען עפנט דאָס הארץ, די ביטערע רייד —
און ליכט? — אַזויפיל קנויטן ברענען דאָ!
אַזויפיל חלב גייט דאָ אויס פאַר גאָט!
ווי אין ר׳ הערש יעקבס קלויז,
טריפן זיי דאָ קיינמאָל נישט אויס.
אַלט איז דער שמש, ווי דאָס גלות,
דאַר פון דער זון, פון ברכות —
פאַר איטלעכן בעט ער, איטלעכן בענטשט ער,
ווי נישט ר׳ מאיר —
ער וואָלט געווען דער בעל-הנס.

בלויז אין חנהלעס זכות,
שטיי איך אין טאָל פון ר׳ מאיר בעל-הנס.
העט הויך אַוועק בלויט דער הר-כנען,
די רויטע ערד קעגן זוניקן מזרח
און מיינסט, אַז דער דאָרן אויבן ברענט,
אַז דאָרט האָט גאָט צו משהן זיך דערקענט.
ווערסט דורכגעבריט, ווערסט דורכגעגליט

פון אַלע הויכקייטן, פון אַלע בלויקייטן.
פילסט ממש דאָס פײַער גייט אויף דיר
מיט די אויסגעקריצטע עשׂרת הדברות.
וואָר, ביסט נישט אין יענעם עגלדיקן טאָל,
פילסט אָבער די הייליקע אימה פון ארץ־ישראל.

קיז.

חנהלע, באָבעשי —
ביי דײַנע תהילימדיקע וואָכן,
ביי דײַנע שבתים פון האָפן,
האָב איך זיך געלערנט אַרײַנגיין אַהער אין לאַנד.
האָסט מיך געהייסן גיין אויף דער זײַט ירדן,
מיך געשיקט אַהער אברהמס כנען אַרבן —
נײַערט,
דו אַליין האָסט די זכיה נישט געהאַט דאָ צו שטאַרבן.
און איך?
איך האָב אפילו דײַנע ביינער נישט מיטגענומען —
זיי אין ריישע געלאָזט ביז משיח וועט קומען, אָמן!

ניין —
איך בין נישט געהייליקט ווי דו, חנהלע!
אַז איך שטיי פאַר ר׳ מאיר בעל־הנס,
איז דאָס בלויז אין זכות פון דיר —
פון דײַן אָפּגעשיילטן קרבן־מנחה סידור,
פון דײַן לייוונט־טאָוולדיקן נחלת־צבי,
פון דײַנע זיבן אָפּגעריבענע פּאָר ברילן,
וואָס האָבן שבת־אײַן שבת־אויס,
די סדרות געלייענט צו שבת־אויבס.
אַזויפיל אומעט האָסטו אין מיר אַרײַנגעוויינט —

איך אָבער האָב זיך צום טונקעלן שנײ געריסן
און דו, חנהלע, האָסט נישט געטאָרט װיסן
װי ס׳האַרץ מײַנס גליטשט זיך מיט די שטערן
באַרג אַראָפּ צו זשעמבעס לאַמטערן.

גײַן —
איך בין נישט געלײַטערט װי דו, חנהלע!
אַז כ׳שטײ בײַם געקאַלעכטן קבר־רמב״ם
און טונק די אױגן אין גריבלעך װאַסער —
איז דאָס,
װײַל האָסט דײַנע טרערן דאָ אױפֿגעזאַמלט;
זײ אַהערגעשיקט פֿון אױסגעװײנטן תּהילים.
אַ סך, באָבעשי, קומען דאָ אַהער בעטן;
קומען נאָך סגולות, נאָך רפֿואות
און לאָזן נאָך זיך גרינע מטבעות.
דאָ אין טבריהער לײמענעם טאָל,
פֿילסטו װי הײליק ס׳איז ארץ־ישׂראל.
נײַערט, נישט איך —
דו, חנהלע, ביסט ראױ צו שטײן אױף אַזאַ אָרט,
דאָ גײען די געצונדענע ליכט גלײַך צו גאָט.

קיח.

אין טבריהער טאָל װײקט לױז דער לײם
פֿון די אָפּגעפּלאָסקעטע רעגנס פֿון מוריד־הגשם.
פּונקט װי אין חנהלעס „ברכי נפֿשי״ דאָרט...
זענען די װאַסערן דאָ אײנגעזאַמלט אױפֿן אָרט —
און ליכטיקער, בלױער פֿון ניו־יאָרקער האָדסאָן,
איז דער שװײַגנדיקער זילבער פֿון כּנרת.
אַלע פֿאַרנאַכט קומט מען צום קילן גאָלד אַהער

אָפּפרישן די אייזלען פון מעת־לעתן מדבר.
מ׳קומט אַראָפּ פון די טבריהער געמאַרקן
אין לאַנגע שורות — שנירלעך שבטים,
ווי מ׳וואָלט נאָך אַלץ געגאַנגען פון מצרים.
און אפשר?
אויף אַלע באָרוועסע פּיס קלעפּט ליים
און פּילסט — אַלע אַראָפּגעלאָזטע צום ברעג —
געהערן צו משה רבינום צאַרנדיקע טעג.
שטייסט אַ צעמישטער ווי פאַר אַן ערב־רב;
ווי פאַרן שטעקן פון דצ״ך, עד״ש, באח״ב.
אין דעם דאָזיקן גרוב פון בעל־הנס,
פיל איך שטאַרק חנהלעס כשרע תעניתים
און הער זי לייענען קריאת־שמע מיט מיר.
כ׳זע זיך פאַר דער אָפּגעבליאַקעוועטער מזוזה
אַן אויפגעהויבן יינגל אויף אירע דאַרע הענט
און זאָג איר דרײַ מאָל נאָך: שדי...
נאָך אַזעלכעם איז שווערער געוואָרן די אימה —
ס׳האַרץ האָט מוראדיק אויפן גלעגער געשלאָגן
פאַר בייזע שדים, פאַר בייזע רוחות בײַנאַכט,
ביז כ׳בין אײַנגעשלאָפן אין „מצילני מכל־רעה".

קיט.

יאָ, ער איז דאָ — דער געלער ירושלימער ייִד! —
אַלע חול־המועד האָט ער זיך אין ריישע באַוויזן
מיט קמיעות, פּושקעס, זעקלעך ארץ־ישראל ערד.
ער איז אומגעגאַנגען פון געוועלב צו געוועלב,
מיט אַן אָפּגעזעצטער באָרד זיך אַרײַנגעשטעלט.
פאַר פרומע ווייבער האָט ער קוויטלעך געשריבן,
פאַר ר׳ מאיר בעל־הנס ח״י־צאָל געקליבן
און געהייסן פאָרן קיין ארץ־ישראל שטאַרבן.

יאָ, ער איז דאָ — דער געלער ירושלימער ייִד! —
אפשר איז ער פון די תנאים פון „פּרקי־אָבות",
וואָס איז צום ייִנגל געקומען יעדן תמוז־שבת
און מיך אַ נאָכמיטאָג לאַנג געהאַלטן פאַרשפּאַרט —
אפשר איז ער בן־זומא פון יענעם פאַרנאַכט?
ווי דעמאָלט, אין די גרינע ריישער טאָלן,
שטייען זיי פאַר מיר, שמעיה און אבטליון —
נאָר דאָ זענען זיי נישט קיין חלומות,
גײַערט וואָרע וואָרן.
אָ, ר' משה אַריה מלמד, ווו ביסטו?
איצט וואָלט איך דיר דערציילט דערפון,
דאָ, אין טבריה, איז דײַן „פּרק" די זון.

איך גיי אַרום איבער די הייסע פלוינען,
איבער די געלע איילבירטן, איבער בערג;
איבער שטיקלעך פעלדזן פון גרוי און טוי —
און וועסט נישט גלייבן, ר' משה אַריה,
אַז מען קאָן זען דעם אָפּגעשווימטן הימל
אין פרומען זילבער פון ים־כנרת.

און ערב נאַכט?
וויפיל ליכטיקן טרויער קאָן אַ ייִנגל אַרײַננעמען?
וויפיל פייפלדיקע פּאַסטעכער קאָן אַ ייִנגל הערן?
וויפיל געפלעקטע סטאַדעס שאָף קאָן אַ ייִנגל זען?
אויף וויפיל בערג קאָן אַ ייִנגלס אויגן קלעטערן?
און דאָ, אונטן בײַם כנרתדיקן ברעג —
פון דאַנען גייט דער חלום קיין ירושלים אַוועק.
אַלע פישער־שיפלעך גליטשן זיך אַהין
אויף די אָפּגעשטראַלטע וואַסערן גאָלד.

פון דאַנען איז שוין נישטאָ ווו צו בענקען.
אַלע חדרדיקע חלומות זענען געקומען אַהער.
מיינסט ס'איז אַלעמאָל שבת צו „פּרק״;
אַלעמאָל שבת „ברכי נפשי״;
אַלעמאָל קילער טוי פון סליחות;
אַלעמאָל בורא פּרי־העץ פון חמישה עשׂר בשבט;
אַלעמאָל לוסט פון ל״ג־בעומרדיקן מירון,
ווו ס'לײַכט ר' שמעון בר יוחאי, ווי די זון.

און אויפן געמאַרק?
אויף די שנירלעך געסלעך פון טבריה,
קלינגען ליימענע קרוגן, ערדענע טעפּ —
אַליין געקנאָטן, אַליין געגאָסן, געברענט.
פון די „מענטשלעך״ אין חנהלעס טײַטש־חומש,
האָב איך די בראָנדזענע מענטשן דערקענט
ווי יענע — אין אויפגעבלאָזענע לײַלעכער,
באָרוועסע, אין אַלטע זילבערנע בערד —
וואָס זענען פון יציאת־מצרים
צו משהס קול געגאַנגען.

פון אַלע פאַרוואַקסענע שטראַליקע שטראָזן,
נידערט מען אַראָפּ אַהער ווי קיין גושן.
מען קומט פון אַלע באַשאַפענע בערג,
פון אַלע פאַרשלאָפענע טאָלן.
פון צפת קומט מען אַראָפּ ווי פון „זוהר״,
פון די הרי־גליל — ווי פון רועה־עדרו,
פון נצרת קומט מען ווי פון יתרום מדין.
אַלע אומגייענדיקע אויפן טבריהער געמאַרק,
זעען אויס, ווי פון תעניתים דאַר,
און נישט זיי — די מויערן זענען געענגט
מיט סוחרים און שרײַענדיקן געדרענג.

ווי עולה־רגלניקעס גייען זיי אָרום
די הויכע צפתער מקובלים
אויסגעפּרוּווטע ווי פון גאָט;
אַראָפּגעקומענע פון סינידיקן געבאָט
מיטן אויפגעפלאַמטן אחד.
נייַערט, זיי שטראָפן נישט, צאָרנען נישט,
נאָר הייליקן זיך פאַר דיר, פאַר מיר,
ווער זענען זיי, די פאַרצייַטישע שמאָלע ייִדן?
זיי קומען ווי פון שלמה המלכס היילן,
די גאַרטלען, די כאַלאַטן — פון היץ פאַרברענט,
און שמייכלען, ווי זילבער, שווייגן, ווי גאָלד.

און די פאַסטעכער?
זיי קומען אַראָפּ פון אויסגעבריטע בערג,
פון אויסגעברוינטע היציקע זונען
מיט אויפגעשפּילטן תהילים.
אין האַלבע טיכער געקרייַזלטע וואָל,
פירן זיי די לעמער אויפן געמאַרק
און האַנדלען פרוטהדיק און קאַרג.
ווער זענען זיי, די רויִקע יונגען?
זיי קומען פון דוד המלכס חלום
מיט לאַנגע האָר, ווי פלאַקס שטאַרק,
און האָבן לייַבער, ווי קופער האַרט;
שמייכלען, ווי לעמער, שווייגן, ווי שאָף.

קכא.

און פון נצרת?
פון דאָרט קומט מען אין ברוינעם שלעפּ
מיט לאַנגע גאַרטלען, אייַנגעפלאָכטענע צלמים.

פון דאָרט קומט מען, ווי טומאהדיקע פלאַמען,
שרעקן דאָס ייִנגל ווי אין די חדרדיקע נעכט.
וואָס טוען זיי אין מײַנע אויסגעחלומטע געצעלטן,
אויף מיין מוטער רחלס וועג קיין בית־לחם?

האָסט מיך געהיטן, גאָט, פון אַלע אימהס;
מיך געהייסן אַרײַנגיין אויף דער זײַט ירדן,
אײַננעמען כנען —
און איך האָב אַזוי געטאָן!
וואָרים אַ באַשיצונג ביסטו מיר געווען;
אַ ליכט פון שטאַרקקייט אַקעגן פײַנט —
און נאָר פאַרדאָס
האָסטו מיך אין דײַנע טויערן געבראַכט!
נאָר דאָ —
זע איך זיי ווידער אויף אונדזערע געמאַרקן;
זיי דרייען זיך דאָ־אום ווי יתרו אין מדין.

לאָז מיך נישט איצט, גאָט, אַליין!
וואָר, איך בין צווישן דײַנע באַשאַפענע בערג.
כ׳פיל דעם אויסגעבענקטן הר־המוריה,
ווּ האָסט מיט יצחקן געפּרוּווט אברהמען;
וואָר, איך בין אין טאָל פון ר׳ מאיר בעל־הנס —
האָב איך פון דעסטוועגן יענע ייִנגלישע שרעק
פאַרן נזירס שטעכיקע אויגן.
פּרוּוו מיך גאָט מיט אַלע דײַנע פּרוּווּנגען,
נאָר לאָז מיך איצט נישט אַליין,
ניין! — כ׳וויל אים אין מײַן לאַנד נישט זען.
ווער האָט אים אין אונדזערע טויערן געבראַכט?

קכב.

איך בין געקומען צו זיך אויף מיין ערד
אָן אויסגעדזיערט, אָן אויסגעטרוימט ייִנגל
פון על הניסים ועל הנפלאות.
איך האָב אָפּגעהיטן מײַנע תפילין, מײַנע פּיאות.
דורך אַלע אומות, דורך אַלע גויִישע שלעק,
בין איך אַלע ווינטער קיין חרן געגאַנגען דורך שרעק;
ס'האַרץ האָט געצאַפּלט מיטן לאָמטערן אויפן בורנעס.
נאָך יאָרן ימען און שטעט בין איך אַרײַן אין לאַנד
ווי דורכן פערציק־יאָריקן מדבר,
פון מצרים קיין ירושלים גייט מען דורכן חומש.
מ'געגענט אין טאַטנס טלית — אַ ייִנגל צו „ויקרא",
מ'גייט דערנאָך צוריק צום ליכט פון „בראשית",
ווו עס זאַמלען זיך די אײַן די וואַסערן, די הימלען
און עס פירט מיך דער רבי דורכן גאַנצן באַשאַף.

אַ גאַנצע וואָך
גייסטו דורך דעם שיינעם טרויער פון „נח".
און אין דער מעשה —
גייסטו נאָך אַ צדיק פון אַ דור,
וואָס איז מיט גאָט געגאַנגען,
ווען די ערד איז געוואָרן פאַרדאָרבן;
געבליבן איז די לענג, די ברייט פון דער תיבה,
און אַרײַן אַהין,
איז איטלעכעם באַשעפעניש יעדעם לויט איר מין —
נאָר איך מיטן רבין זענען געבליבן אין דרויסן.
עס האָט אויפגעבראָכן די ערד, דער הימל;
די פלייצנדיקע וואַסערן זענען גיך געשוווּמען,
באַרעגנט די וועלט פערציק טעג, פערציק נעכט.
ווי האָט דאָס נח געהאַט אַ האַרץ אַרײַנצוגיין

מיט שם, חם ויפת — אין דער תיבה
און מיך לאָזן אַ יינגל אין אַזאַ מבול
אין חלום בײַנאַכט?
אפשר בין איך נאָך פון יענעם חלום
אין טאָל דאָ פאַרבליבן?

קכג.

דאָרט אויף יענער ווײַט, אין קרית ארבע,
זענען מיר מיט אברהמען אַוועק שרהן באַוויינען.
איבער „חיי שרה" אין יענעם שטיקל כנען,
האָט מען דעם פּראָסט געברענגט אין חדר אַריין
און בײַנאַכט ערשט זיך אומגעקערט פון חברון.
פון אַזאַ ווײַטקייט איז מען נעכט געגאַנגען;
אין שטוב אַריינגעפאַלן פון רויטע ווינטן.
— וואָס האָסטו געלערנט הײַנט, בעריש?
— הײַנט האָט דער קנעכט גענומען
צען פון די קעמלען פון זיין האַר
און איז גאַנץ-פרי אויפגעשטאַנען,
קיין ארם-נהרים אַרויסגעגאַנגען.
דאָרט, בײַם ברונעם, ערשט רבקה איז אַרויס
מיט איר הויכן בלאָנדן קרוג אויפן אַקסל.
און דאָס מיידל איז זייער שיין געווען
און נישט נאָר ביי אליעזרן — נײַערט
בײַם יינגל האָט רבקה שיין אויסגעזען.

קכד.

חנהלע, באָבעשי!
ווען וואָלסט ווי איך אַ גאַנצן מעת-לעת,

אַרומגעגאַנגען אין טאָל פון בעל-הנס,
וואָלסטו עטלעכע טרערן דאָ געלאָזט
און געבעטן
זײַן זכות זאָל אויף אונדז מגין זײַן!
טו איך דײַן רצון
און גיב ח״י-צאָל מיט עטלעכע טרערן.
האָסט דאָך שטענדיק בײַם איבערשטן געבעטן,
זאָלסט זוכה זײַן מיך צו זען אין ארץ-ישראל,
כ׳זאָל קיינמאָל אין גלות זיך נישט אומקערן?
וועל איך מקיים זײַן דײַן שפּרוך
און וועל קיין צפת אַוועק צום פעטער ברוך.

קכה.

צפת —
צו דיר איז דער פעטער ברוך אַוועק
פון גאַנצן זילבערנעם דרשה־געשאַנק
נאָך אַ שבת פאַרנאַכט.

צפת —
צו דיר איז דער פעטער ברוך אַוועק
פון אַ שטאָט שטיבלעך און שלש־סעודותן
נאָך אַ שבת פאַרנאַכט.

צפת —
צו דיר איז דער פעטער ברוך אַוועק
פון הייסן אַטלאַס און וואַקסענע הבדלות
נאָך אַ שבת פאַרנאַכט.

צפת —
צו דיר איז דער פעטער ברוך אַוועק
פון דער ריישער וואָך, פון מסחרדיקן יאָך
נאָך אַ שבת פאַרנאַכט.

צפת —
שטאַרבן און רוען אין דײַן פרומער ערד
איז צו דיר אַוועק דער פעטער ברוך
עד ימות המשיח.

דורות האָבן מיך געשטויסן צו דיר, צפת;
צו דער גרוי־גרינער שול פון אר״י הקדוש.
כ׳האָב מורא געהאַט פאַר די הילצערנע שטענדערס;
פאַר די שווערע הענגלייכטער, פאַרן ארון־קודש;
פאַר די זילבערנע בערד, וואָס גייען אַרײַן־אַרוים;
ס׳רוט נישט די טיר, ווי ס׳האָט נישט גערוט די ריישער
קלויז —
ייִדן אין דער אַלטער שטיינערנער שול פון צפת
בלעטערן יומם־ולילהדיקע מסכתאָס.
ווי דער פעטער ברוך זענען זיי געקומען אַהער
לערנען און שטאַרבן — און גאָרנישט מער.

נאָר איך בין נישט אַוועק קיין צפת
ווי דער פעטער ברוך נאָך קבלה.
איך בין געקומען צו דיר פון אַ פרעמדן ים
מיטן אזמר בשבחין פון טאַטנס חסידישן פלאַם.
זאָג, וויפיל פעטערס מײַנע רוען אין דיר, צפת,
כ׳זאָל דאָ אומגיין אין זייער באַגערטן זכות?
כ׳האָב די פרייטיקצונאַכטס אין ריישע געלאָזט
אויפן חדר־וועג, וואָס האָט געבליט אין פראָסט,
ווען כ׳האָב פון פאַרגלאָזטן שניי מיטן לאָמטערן,
אַהיימגעברענגט די פראָסטיקע קעלט פון שטערן.

גלייב, צפת —
איך בין נישט געקומען אַהער מיט אַ פאַרגרויט הארץ,
נאָר מיט די זוניקע אויגן פון די ריישער פעלדער.
איך שטיי דאָ פאַר דיר מיט אַ פאַרגעסענעם ניו־יאָרק;
מיטן פאַרגעסענעם שיינעם טרויער פון האָדסאָן דאָרט.
דיר ברענג איך דאָס שנירל פערל פון מײַנע מומעס;

דאָס ברייטע גאָלד פון מײַנע שבת-וואָכעדיקע פעטערס;
די געליישטע רוקנס פון זייערע ברייטע שלש רגלים —
איך שטיי פאַר דיר אַ פלאַם פון מײַן גאַנצן שטאַם.

קכז.

איך גיב דיר, צפת, דאָס געזאַנג
פון אזמר בשבחין —
דאָס געזאַנג פון פעטער זבולון,
פון אַלע זײַנע פאַרטריפטע טישטעכער,
בראַנדזענע קוילעטשן פון אָפּגעדעקטן זײַד,
מיטן קילן זילבער פון די גראָבע לײַכטער.

איך גיב דיר, צפת, דאָס געזאַנג
פון אזמר בשבחין
ביים ווײַן פון רבון כל העולמים.
שטייסט הויך צפת פון מעשה בראשית
און כ'זינג אַרויף צו דיר אַלע זמירותן
פון ר' אַזשע שוחטס רזא דשבת.

איבער דײַנע גראָבע שטיינער ערב-שבת,
אײַלן די מאַמעס, די טעכטער ווי כלות —
מיט פלאַמיקע טיכער און גלאַטע שייטלען —
צו דײַנע אויפגעהעלטע קלויזן פון לכו נרננה.
מיטן פײַער פון גליל זינקט די זון אין די שויבן
און ס'פאַרגייען מיט אָפּגעשפּריצטן רויט אַלע מויערן
פון דײַן פאַרגרויטן דויערן.

אַרום דיר, צפת, וואַקסן עם די ווײַנשטאָקן
פאַר אונדזער בורא פרי הגפן;

וואַקסן די טייטלביימער, די שלאַנקע באָקסערם
פאַר אונדזערע חמישה עשׂר בשבט. —
און אין טאָל, אונטן?
דאָרט גליווערט דאָס פאַרשפּיגלטע גלאָז פון כנרת
ווי דער הימל איבער בשן און גולן.
נאָר דו, צפת אויפן גליל העליון,
שטראַלסט אַריבער אַלע באַשאַפענע זאַכן אַרום —
נעם מיך אַרײַן אין דײַן מעריב ערבים.

קכח.

לאָז אַ ייִנגל אין דיר אויסציטערן דעם טרויער,
וואָס ר׳האָט נאָך יאָרן חלום געבראַכט אַהער.
כ׳בין געקומען אַ מידער פון מידע לענדער
זיך אָנצינדן אין דיר — צפת!
כ׳וויל דעם פאַרשטיינערטן גרינעם מאָך
פון דײַן אַלטן שבת, פון דײַן פרומער וואָך.
וואָרים דו ביסט געווען דאָס וואָרע האָפן
פון אונדזערע ליל־שבועותדיקע חצותן.
יענע דאַרע ייִדן אויף די אָפּגעשאָטנטע קלויזן,
האָבן מיך אויפן גלעגער בײַנאַכט תמיד געשראָקן.

איצט זענען זיי דאָ, די פאַרגעלטע ברייטע בערד,
וואָס האָבן רק געצויגן צו דער ארץ־ישׂראל ערד.
כ׳זע דעם פאַרמעליקטן ר׳ מלך ראַף פאַר דער קראָם
שטיין אין האַלבן געוועלב קעגן דער האַלבער זון.
קעגן דער לבנה איבער דער צפתער שטאָט,
לײַכט ר׳ מלך ראַף ווי אַ וואַקסענע באָרד.
אוודאי איז ער נישט געקומען דאָ בויען און ברעכן!
ר׳איז בלויז געקומען אָפּהיטן ס׳פײַער פון די צען געבאָט,
וואָס משה האָט דאָ נישט־ווײַט אַראָפּגעבראַכט פון גאָט.

קכט.

אַז כ'האָב יאָ אויסגעציטערט דעם טרויער
פון די פאַרוואַקסענע דורות אין דײַן מויער,
שעם איך זיך נישט צו זאָגן ביי אר"י הקדושם טויער,
אַז כ'האָב איבערגעלאָזט דאָ די טרער פון טרויער.
עס האָבן מיך געריִרט דײַנע שטיגנדיקע געסלעך,
די קלינגענדיקע קעלעכלעך פון דײַנע יינגלעך.
עפּעס אַזאַ פאַרליישטער אומעט לײַכט פון דיר
פון אַלע מקובלים, וואָס זיצן אין דײַן געצעלט
און גייען אַרום ווי מעשהס איבער דער וועלט.

אין דײַן יעדן שטערן, אין דײַן יעדן שטיין,
האָט מיך חנהלע. געלערנט זאָלסט זײַן מײַן.
כ'האָב דיך געפונען דורך אירע רויטע אויגן,
דורך איר שבת-אויבס און שטויסן ווײַבערישע ספרים,
דורך אירע ברילן צו דער וועלט פון גאָט פון אברהם...
וואָס האָבן אין דער שויב בלוי אַריינגעשוויגן
און געבעטן אויף דער זכיה אין צפת צו ליגן.

קל.

פון דעמאָלט אָן ביסטו, צפת,
געוואָרן מיין בלויער שבת, מיין זוניקע וואָך;
די האָפערדיקע רערן מיט די זיבן קנײטלעך אייל. —
און ווו זענען אָהינגעקומען יענע יינגלישע שטערן,
ווען מ'איז פון „מקץ" געגאַנגען מיטן לאָמטערן?
ווו איז דער חלום פון די זיבן פעטע, זיבן מאָגערע קי;
דער פאַרקויפטער יוסף, וואָס האָט געקיניגט איבערן מצרי?

פון דער ערד דאָ האָב איך עס גענומען,
צו דער ערד דאָ האָב איך עס געבראַכט.
איצט שטיי איך מיט יענעם גאַנצן חלום אין דײַן הויף,
אפילו יענע חדר-שטערן זע איך דאָ אויך.

אין פרישן מזרח ביסטו, צפת, אין דער פרי —
אין רויטן גרוי ביסטו, צפת, ווען די זון פאַלט צו.
מען ציטערט אויף פון אַלע דײַנע דורות-מויערן,
אין אייגענעם זכות האָט אַזעלכעס געקאָנט דויערן.
פון אַלע קלינגענדיקע חדרים אין דײַנע געסלעך,
זינגט דאָס אַמאָליקע פײַער פון די חומש-ייִנגלעך.
מען לערנט דאָ פון דעם „אמאָל" פון ארץ-ישׂראל,
פון די מלכים, וואָס האָבן געלאַגערט אַרום די הייכן
אין „שופטים" פון דעם אמורי אין ריישע פאַרנאַכט
און די קינדער פון דן צו די געבערג דאָ געבראַכט.

אַ בינטל פון אונדזערע ירושות,
אַ בינטל פון אונדזערע קדושות,
איז דאָס געזעמל הײַזער אין דיר — צפת.
פון דײַן הייך קאָן איך זען דאָס היימישע חומש:
די קינדער פון ישראל ציִען קיין רעמסס —
דער מלאך פון גאָט שטעלט זיך בײַם שטעג,
ווען בלעם שלאָגט ס'אייזל בײַם פאַרעקשנטן וועג.
דאָס, און נאָך, האָב איך פון דיר געאַרבט,
ווען דער מלמד האָט מײַנע טעג געשטאַרקט
דיך צו באַפרוכפּערן, דיך צו באַפעלקערן
מיט אַלע חלומות, מיט אַלע וואָרן דורך אַלע יאָרן.
דערצייל אַ גוי, אַז געשטאַרקט האָט אונדז ס'לאַנד כנען,
אַז פאַר דיר האָט זבולון זיך געלאָזט וואַרפן פון אַ באַן!

און די נאַכט דײַנע מיט די הויכע פלעמלעך גרין
איבערן הר־כנען, איבערן כנרת, איבערן שנירל ירדן?
און אונטן, אין לײמענעם טאָל פון טבריה —
דאָרט, בײַם טיפן ר׳ מאירל בעל־הנס;
בײַם געקאַלעכטן אוהל פון רמב״ם?
שטעל אָפּ, צפת, די לבנה, די זון
ווי יהושע בן־נון —
און לאָמיך מאַכן אַ ברכה איבערן גאַנצן הימל,
איבער אַלע שווײַגנדיקע געוויקסן און קרײַטעכער,
איבער זיך אַליין, וואָס כ׳בין זוכה דאָ צו שטיין
און זען די שטערן שטראַלן פונעם ירדן.
אַ ייִנגל קאָן נאָך דאָ הערן די רייד,
וואָס גאָט האָט אין „עקב" גערעדט
און געטאָן צו פּרעה, צו גאַנץ מצרים.
פילסט שטאַרקער זײַן האַנט איבערן לאַנד;
די פּרוּווונגען, וואָס ער האָט געטאָן מיט דיר —
והא־ראיה,
ר׳האָט מיך אויסגעהיט פון די אומות העולם
צו קאָנען שטיין אין וואָרן ארץ־ישׂראל דאָ,
הערן די וואַסערן קלינגען פון די בערג.
דאָ קאָן ס׳האַרץ מײַנס זיכערער שלאָגן,
ווייל שלעכטס וועט געטאָן ווערן צו די צערנער אויף מיר.
פון צפת בײַנאַכט קאָנסטו לערנען די ווײַטן,
וואָס אירע שטיינער זענען אײַזן,
וואָס אירע בערג־הייכן זענען קופּער,
אירע טאָל־יונגען זענען גיבורים.

קלב.

כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז שרעק, צי האָפֿער,
וואָס איך זע דאָ אין די נעכט פֿון צפֿת.
אַ שוואַרצער בלוי אויף אַן אַלטן הימל שטערן,
איז אויסגעשאָטן מיט פֿײַערלעך פֿון אַ לאַמטערן.
העט ווײַט אַריבער יענער זײַט ירדן,
בענקט ארץ־ישׂראל נאָך ארץ־ישׂראל,
ווי ירושלים בענקט נאָכן ירושלים פֿון אַמאָל —
נאָר דעם ייִנגלס האַרץ גייט אויס נאָך ביידע;
ר׳איז נישט שולדיק, וואָס דער גלותדיקער זיידע,
האָט אים געלערנט גיין פֿאַרן לאַנד אויף דער עקידה.

דאָ ערגעץ זענען מיר פֿון חדרדיקן „שופֿטים"
אַרויס מיט יהודהן אויף די פֿעלדער הינטער די בערג,
שלאָגן דעם כנעני און זײַנע באַוווינער
און באַצווינגען עזה מיט די געמאַרקן
פֿון אשקלון, פֿון עקרון —
און גאָט איז געווען מיט אונדזערע יהודה־יונגען
און אונדז געהאָלפֿן איינגעמען די געבערג
אויף וועלכע איך שטיי, צו וועלכע איך קוק.
פֿון יענעם שופֿטימדיקן טאָג אָן,
בין איך נאָכגעגאַנגען די זון
וואַלקן־אײַן, וואָלקן־אויס, דורך ערדן און ימען,
קיין צפֿת — צו די מזרחדיקע פֿלאַמען.

קלג.

צפֿתער ייִנגל —
זאָג נישט, אַז כ׳קום פֿון דער גויִישער פֿרעמד!

איך קום, ווי דו, פון זעלבן פערציק־יאָריקן מדבר.
איך בין נאָכגעגאַנגען משהס אויפגעהויבענעם שטעקן;
די קראַפט און דאָס פֿײַער פון זײַנע צאָרנדיקע רייד,
ווען ער האָט דעם ים אויפגעשטעלט פאַר מיר, פאַר דיר.
כ׳בין, ווי דו, געפאַלן אין דורשטיקן וועג פון זאַמד
בײַם אַריינגיין אין אברהם אבינוס לאַנד.

צפתער יינגל —
זאָג נישט, אַז כ׳קום פון זאַטן ניו־יאָרק!
איך האָב, ווי דו, געטראָגן צוויי שלענגלעך פּיאות,
אַ פאַרשאַרטע יאַרמלקע, אַ לאַנגן ארבע כנפות,
אויסגעוואַקסענע הויזן אויף באָרוועסע פיס.
מיט יינגלעך זיך געיאָגט נאָכן פאַרנאַכט —
איך אין ריישע — דו אין צפת·
אין יענער ציַונג פון רעמסס,
זענען מיר ביידע אַרויס פון לאַנד מצרים;
דו — אויף יענער זײַט ירדן,
איך — אויף יענער זײַט האָדסאָן.

איצט, יינגל — זע אין מיר צפת,
ווי איך זע אין דיר ריישע.
ווען נישט די גלותן, די ימען, די באַנען,
וואָס זענען יאָרן אין וועג מיר געשטאַנען,
וואָלט איך ווי דו — דאָ אויפגעגאַנגען.
כ׳בין בלויז, ווי יעקב, אויף אַ שטיין אַנטשלאָפן געוואָרן
אויף פרעמדע ערדן, אין פרעמדע ווײַנגערטנער,
נײַערט: כרמי שלי לא נטרתי,
מײַן אייגענעם ווײַנגאָרטן האָב איך נישט געהיטן!

אָ, יינגל —
זע אין מיר צפת,
ווי איך זע אין דיר ריישע!

קלד.

ניין, צפת —
ס׳איז מיר נישט פרעמד ס׳ליכט פון דײַנע מקובלים;
די שטערן פון דײַנע ישיבות, חדרים ובתי מדרשים
פון על־התורה ביום שבת,
פון על־העבודה ביום חול.
אַ וועלט מיט קלויזן האָט דײַן לכה־דודי פאַרקלונגען,
אַ וועלט מיט קלויזן האָט דײַן לקראת כלה פאַרזונגען,
און ס׳פײַער פון אונדזערע לײַכטער, פון די שטערנטיכלעך,
האָט אין זכות פון דיר, אויף אונדזערע שבתים געשטראַלט,
דאָס פאַרטריפטע זילבער באַלויכטן פון פרײַטיקצונאַכטס.

ס׳איז מיר נישט פרעמד דאָס פרומע ליכט
פון דײַן צעפלאַמטן ייִד,
וואָס אײַלט אַנצוקומען פריער ווי די שטערן
צו קבלת שבת;
ער איז דער גילגול פון מיין עלטער־פעטער שלמה,
וואָס איז פון צופיל קבלה
פאַרבליבן אין חנהלעס זיבן פאָר תחינה־ברילן
אַ צפתער לעגענדע.

קלה.

פון יענער הויך, פון דעם העט־אַריבער דאָרט
אין טאָל פון לבנון, צו מערב פון בעל גד,
הערסטו נאָך דעם פסוק וועגן די ביטערע מלכים,
וואָס יהושע און ישׂראלס קינדער האָבן געשלאָגן
און די ייִנגלעך פלעגן עם חזרן און איבערזאָגן —
גאָר דערנאָך האָבן שקצים אויף אונדז זיך געוואָרפן,

ווייל מיר האָבן אין יענעם מדבר, אין יענעם לבנון
ביז דעם טייך פּרת און ביז דעם ים הגדול,
געאייפערט אויפצושטעלן אונדזערע געמאַרקן.

אין די פעלדער פון הויכן ווייץ און קאָרן,
האָבן מיר די פלישתים פון ריישע געשלאָגן
מיטן כוח פון טאַטנס לאַנגן חלום
צו זײַן — ווי איך איצט — אין צפת.
זײַנע פאַרשאַרטע סאַנדזער זאָקן וואָלטן געפּאַסט
פאַר די אויסגעפּרומטע שטיינער פון דײַן גאַס.
איך בין אַ שאָטן בלויז פון זײַן אַלטן פאַרנאַכט;
ס'אייניקל, וואָס האָט פון חנהלעס טרערן אָפּגעשטראַלט
און האָט איר באַגער קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט.

נאָר ער, דער טאַטע יאַנקל, מיט זײַן בקיאות אין ש״ס,
וואָלט פאַרשטאַנען די קבלה פון אר״י הקדוש צפת.

קלו.

דורות נאָך דעם ווי יהושע האָט פאַרברענט חצור,
האָב איך געצויגן אַהער צו עכּום מויער.

איך בין אַראָפּ פון צפת קיין נהריה;
פון דאָרט — צו די מויערן פון עכּו.
זאַמדן זענען ווי וואָלקנס פאַרבײַגעשוווּמען —
ווײַבער זענען מיט רויטע קרוגן אָנגעקומען;
פון דאָרשטיקן טאָג האָבן זיי זיך אומגעקערט
פון פריִען מזרח צום שפּעטן מערב.
נאָר זיי זענען נישט ווי נעמי געגאַנגען
מיט בינטלעך גאָלד פון סנאָפּעס זאַנגען.
פון שאָטער און פון שטיינער קומען זיי —
פון פלאַסטערן שטראָזן גייען זיי.
אַ פליישיקער כּוח שפּריצט פון זייערע הענט,
מיט בראָנדז זענען זייערע האָר פאַרברענט.

גייסט — און די בערג זענען שטיל ווי גאָט.
גייסט — און סטאַדעס שעפּסן קלעטערן אַרויף
און צופּן די אויסגעגעסענע קרײַטעכער.
ייִדישע שעפּסן און ייִדישע פּאַסטעכער —
זייער רו, זייער געמיט איז דאָס ליד
וואָס זינגט פון מיר אַרויס איצט.

אַלץ וואָס איז אין תנ״ך פאַראַנען —
קאָנסטו איצט אַרויסהערן פון דאַנען.

דאָ אין לאַנד
איז דוד באַשירעמט געוואָרן פון אַ לייב;
האָט דוד אַ פּלישתּי אויפגעריסן מיט אַ שטיין.

דאָ אין לאַנד
האָט מען אין די פּלוינען פון מואב ביי יריחו,
די קינדער פון ישׂראל פאַר ארץ־ישׂראל געציילט.

דאָ אין לאַנד
האָט גאָט אומגעקערט דעם חלום פון ציון
און די וויַינשטאָקן האָבן אָנגעהויבן בליִען.

העלף מיר גאָט —
אַזאַ שוויַיגן צו ברענגען קיין ניו־יאָרק.

קלז.

דאָ הייבן זיך אָן די גרינקייטן, די גרויקייטן.
דאָ הויבן זיך אַרויס די טאָלן פון די אַמאָלן;
די שטיקלעך וועגן, די לויפנדיקע שטראָזן וויַיט
און שפּעטער — שטייט עכו ביי די ימען ברייט
איַינגעמויערט, ווי מיט די מויערן פון יריחו.
גייסט אַריין אין יענע קלינגענדיקע געסלעך
און זעסט דיך אַלט צווישן שטיינער און ווענט.
עכו — וועמעס הענט
האָבן דיך פון אַזויפיל שטיינער אויפגעשטעלט?
עכו — פון וויפיל הענט
האָסטו דיַינע ימען באַשיצט פון אַ פרעמדער וועלט?

ווי אַלע שטיינער וואָלטן זיך אײַנגעזאַמלט אויף דעם אָרט,
שטייסטו, עכו, אײַנגעמויערט אין אַ פּאַרפּעסטיקטער שטאָט.
תמיד האָבן דורות־שלאַכטן אויף דיר געלויערט,
נישט געקאָנט בײַקומען דעם דויער פֿון דײַן מויער —
און וויפֿיל מלכים, וויפֿיל צערנער, וויפֿיל דערנער
האָסטו, עכו, אָפּגעשלאָגן פֿון דײַנע הויכע ווענט?
אין פֿאַרעלטערט בלוט פֿון פּיס, פֿון הענט —
אַזאַ האָב איך דיך איצט דערקענט.

כ׳גיי נאָך די שפּורן פֿון יענע קרייץ־טרעגער,
פֿון יענע „הייליקע מלחמות" קעגן מאַכמעדאַנער —
און דײַן מויער שטייט פֿעסט פֿון יענע טעג אָן,
וואָס ברעכן זי האָט נישט געקאָנט אפֿילו נאַפּאָלעאָן.
ווער האָט אים נישט געלאָזט אין יענעם אַמאָל
אײַננעמען די געשווואָרענע ערד פֿון ישׂראל?
נישט די קראַפֿט פֿון טערקישע חיילות,
נאָר די עכודיקע זײַלן האָבן זיך געשטעלט אַקעגן
צו באַשיצן זיך; די ימען, די שיפֿן.

קלח.

פֿון נאַפּאָלעאָנס באַזיגטן מאַרש און שווערד,
שטעקן נאָך כלי־זינס אין יענער ערד
מיט אַ פֿאַרבליבענעם באַרג לזכרון;
הר־נפּוליון.
די ווינטן, די גרינע, שוימען פֿון ים
שלאָגן זייערע וויסטענישן אויף אים.
אויפֿן ארץ־ישׂראל אָרט איז ער צעפֿאַלן;
ווי אַ געשלאָגענער וואָלף זיך אומגעקערט —

שפּעטער —
האָבן אונדזערע יונגען איינגענומען „זײַן“ ערד.
בלויז זיי האָבן אויפגעטרייסלט דעם טרויער
פון דער פאַרביסענער עכו־מויער.
צעפאַלן זענען די ווענט ווי שמשונס האָר,
און פון דער פאַרשטיינערטער לעגענדע,
איז געבליבן די איצטיקע וואָר.

דאָ, אין די פאַרגראָבענע פינצטערע ווענט,
האָט זאב ווי סם געלויערט אויף בריטאַניע!
אונדזערע זין, די טעכטער זענען געווען
מיט זײַנע אָפּגעהילטע רייד
וואַך און גרייט
צו גיין אויף תליות
מיט אויפגעשניטענע קריעות
פאַר דער געשוווירענער פאָן
פון „הגנה“ און „אירגון“!

צום ליכט, וואָס אויף יענער זײַט זון,
האָבן זיי זיך געריסן פון דער געלער ערד
מיט שטעכיקע געזיכטער, מעסערדיקע נעגל
און געצויגן, ווי שלאַנגען דורך היילן,
צום טאָג פון לאַנד —
ס׳האַרץ איז געווען שטאַרקער פון דער האַנט.
עפּעס פון מצרימדיקן נס איז זיי בײַגעשטאַנען
דורכצוברעכן דעם דויער פון כנענים מויער.

קלט.

וואָס קלינגט און פאַרקלינגט די שטאָט עכו?
די שטיינערנע געמאַרקן, די ראָיענדיקע סחורות.

הויכע קעפּיקע הויבן טראָגן אויסגעבריטע טעפּ
אויף דער ליימענער זון דורך היציקע טעג.
דינע אייזלען וויגן גראָבע אָנגעהאָנגענע זעק
מיט חלומות פון ראָזשינקעס און מאַנדלען —
אין פרידן זאָלסטו זינגען, אין פרידן האַנדלען,
און רוּיק גיין אַראָפּ צו די ווײַסע זאַמדן פון ים
אָפּקילן די טריקעניש פון דורשטיקן פלאַם
און וואַרטן מיט אַלע בלאָע הימלען אויף גשם.

נאָר איבער די רויטע וויכע פלאַכן,
ווען דאָס ראָז פאַלט אַראָפּ פון די פאַרנאַכטן —
מאַכן דיך טרויעריק יענע פראָסטע לויזע ווײַבער,
וואָס קומען אַראָפּ צום ברעג שעפּן קילע שאָטנס
פאַר זייערע שטיבער, פאַר זייערע ענגע נעכט;
פאַר זייערע קינדער, פאַר זייערע געלעגערס —
און זינגען גייענדיקערהייט אַהיים
פון אָפּגעשוימטן ים.
העט הינטער די הרי־שומרון
זעצט זיך די אָפּגעשוואַכטע זון.

קמ.

אויפן לאַנגן ברעג פון בלויען עכּודיקן ים,
קלינגט אָפּ דער שוים ווי אַ ווײַסער פלאַם —
און ס'איז אַנדערש ווי אין ריישע ביי „שופטים".
דאָ האָט אָשר יאָ פאַרטריבן די באַוווינער פון עכו.
די ייִנגלעך פון היגן שופטים־פאַרנאַכט,
זענען שטענדיק דאָ האָפערדיק דערפאַר,
ווייל העל זענען די גלילער ברעגן פון ים־התיכון;
אַ פאַרגרויטע קילקייט בלאָזט פון די אַלטע מויערן
אויף די פעלדער, אויף די טאָלן פון עמק־ יזרעאל.

זיי זאָלן רויִק אויף די אַנקערס זיך וויגן,
היט, גאָט, בײַנאַכט אונדזערע שיפן.
ערגעץ קיין פאַרצייטנס גייען זיי אַרויס פון דאַנען
מיט געקעסטלטע ציטרוסן, מיט טרויבנדיקע ווײַנען;
מיט „בורא פרי הגפן", מיט „בורא פרי העץ",
און קערן זיך אום מיט גערשטן, האָבער און ווייץ;
מיט אײַזן, שטריק און פריש געהילץ —
און פונעם האַפן שלאָגט אַ זבולונדיקע היץ.

און דאָס איז די נחלה פון שבט אָשר,
וואָס אונדזערע יונגען האָבן געאַרבט.
די קראַפט פון זייערע האָריקע הענט
לאַדעווען סחורות אין אויפגעבלאָזענעם העמד.
בראָנדזענע קעפּ מיט לופטיקע בינטלעך האָר,
שטייען אויף זוניקע שיפן אין שווייסיקן וואָר.
זעסט זבולונס אַלע בלויע ימען מיטאַמאָל;
זעסט יפו, חיפה — זעסט גאַנץ ארץ־ישׂראל.

פאַר זייערע לענדער, פאַר זייערע שלאַכטן און שיפן,
האָבן די לייבן פון דער וועלט דיך, עכו, געוואָלט פאַרציקן.
צו דײַנע ימען האָבן זיי געגלוסט און געגאַרט
און האָבן אין דײַן מויער זיך שטענדיק גענאַרט.
עפּעס פון ר׳ אבא איז געווען אין דיר,
ווען ער האָט דײַן ערד, דײַנע פעלדזן געקושט —
נישט אַרויסצוגיין פון דיר קיין חוץ־לארץ.
דער כוח פון זומערדיקן פרקי אבות;
דער לוסט פון די יונגען אין שבתדיקן תמוז
און די בלויע טרערן פון די מאַמעס
צוזאַמען מיט זייער בלויען טרויער,
האָבן געוואַכט איבער דײַן דויער.

קמא.

דאָס האַרץ טוט וויי; אוי טוט עס וויי,
וואָס מײַנע קלינגענדיקע נעמען
פון אַלע סדרות, פון אַלע כתובים,
זענען אין סוריה, זענען אין ירדן
און כ׳קאָן צו עמון ומואב נישט קומען!

דאָס האַרץ טוט וויי; אוי טוט עס וויי,
ווען העט, צווישן לבנון און ארם,
לויפט אַ בלוי שנירל ים —
און מיינע אותיות זענען האַלב אין צידון
און קאָן צו יענעם גליל־העליון נישט קומען!

טראָג מיך, קעמל, אויפן אײַנגעפאַלענעם הויקער,
דורך דײַנע זיבן אָנגעטרונקענע טעג,
איבער די דורשטיקע זאַמדן פון אָנגעהיצטן מדבר,
עס זאָל די זון מיר אין די אויגן נישט שטיין,
איך זאָל אין טרוקענעם ווינט נישט פאַרלוירן גיין
און נישט ווערן פאַרשאָטן און פאַרשטאָכן בלינד.
כ׳וויל נישט שטיין מיט אַ פאַרבענקט פנים אַהין
צו די שטיקלעך טײַטש־חומש פון פדן ארם
פון אויסגעוויינטן גאָט פון אברהם...

קמב.

צו דיר, עכו, האָב איך געצויגן נישט ווי יענע,
וואָס האָבן דיך געוואָלט אײַננעמען מיט באַצאָלטן גאָלד
און דיך מאַכן רייך, שטאַרק און גרויס
מיט זייערע שיפן פון גענוא, פון ווענעציע.

אין קריג, אין פרידן האָבן זיי געזעגלט אַהער
דיך צו געווינען, צו באַהערשן, צו באַצווינגען.
אין זייערע רייכטימער האָסטו געגלאַנצט —
איצט זענען די שפּורן פון זייערע פּאַלאַצן געבליבן דײַן,
אַזוי האָב איך דיך געטראָפן מײַן.

אַ שבט צווישן פאַרבליבענע רעשטלעך שבטים —
דריי איך זיך דאָ אום פון זעלבן יציאת מצרים,
אויף אַ געפונענער ערד מיט אַ געפונען פּנים,
און הער די שפּראַך פון עבדים היינו.
גראָד אויף דײַנע וואָכעדיקע געמאַרקן דאָ,
לײַכט אויף דער כהאָ לחמאָ עניאָ
מיטן ווייסן ציטער פון אויסגעשפּרייטן טישטעך.
אַ קיטל־זילבער קומט אַרוים פון שבט דן
און דער טאַטע הייבט די הגדה של פּסח אָן.
אין ערגעץ האָט די מעשׂה־מצרים נישט אַזאַ טעם
ווי דאָ, צווישן די פּאַרצײַטישע קלינגענדיקע ייִדן.
פּילסט דאָ אַנדערש די „מעשׂה ברבי אליעזר״.
דער „ביד־חזקה״ רייסט זיך פון טאַטנס קיטל
מיט די אויפגעהויבענע „שני לוחות הברית״
צום איינציקן אין דײַן הימל, איבער דײַן ערד.

ווייל דאָ האָבן מיר זיך אויפגעזאַמלט
פון אַלע יוצרות פון די שלש־רגלים.

ווייל דאָ האָבן מיר אַהער געבראַכט
אַלע זכותן פון אונדזערע אָבות.

ווייל דאָ לײַכט די אויסגעשטערנטע עטרה
פון טאַטנס סאַמעט, פון זײַן געלער הגדה.

קמג.

דאָ האָט אונדז יהושע בן־נון אַריינגעפירט
אַ פעסט פאָלק צו פאַרבלײַבן;

פון פרעמדע מלוכות אונדזער ערד צוריקגענומען;
זי צווישן שבטים צעטיילט —

און מיר האָבן זיך דאָ פונדאַמענטן אויפגעזוכט;
אין האָפער זיך אומגעקערט.

נײַערט איצט זענען מיר אויף אַן אמת געקומען אַרבן;
אין אונדזער בלוט לעבן, אויף אונדזער ערד שטאַרבן.

וואָר, ס'טוט ווי די אויסגעשפּרייטע בערגלעך טרויער
פון די געפאַלענע זין, פון די באַגראָבענע טעכטער —

אַ, איר שיינע ברונעטע יונגען פון מיין אַלטן חדר —
איר פאַרחלומטע מיידן פון די ווײַם־בלויע קליידער;

ווער, אַז נישט איר האָט אײַנגענומען יהושעס אמאָל,
ווער, אַז נישט איר זענט די גבורה פון ישׂראל?

קמד.

אין די פאַרשטיקטע גרויע בערג פון גליל,
איז געלעגן די זיכערע פויסט פון „אָנאָ בכח".
דאָ אויפן דינעם שאָסיי צווישן עכו און צפת,
האָבן זיי אונדז געוואָלט באַצווינגען, באַהערשן —
אַ מערכה וואָס די מיידן, די יונגען

האָבן זיך געלערנט שטעלן אַקעגן ווי פּאַנצערס;
ווערן אַ פעסטונג פאַר זיך, פאַרן לאַנד;
קוקן דעם ונתנה תוקף אין די אויגן.

און די יונגען פון יהודה זענען אויפגעשטאַנען;
נאָכגעיאָגט די פּלישתים ביז די טויערן פון עקרון
און זיי זענען געפאַלן אויף דעם וועג פון שערים.

גאָרנישט האָט אָפּגעהאַלטן נאָך אַ פּסוק „שמואל"
אַרויסצושטעלן דאָס האַרץ פאַרן מינדסטן טאָל;
איינשטעלן די האַריקע ברוסט פאַר בערג
מיט אַ צעפּיצלטע שווערד פאַר שטיקלעך ערד.

קמה.

האָסט געבראַכט, סאַנע, די טרער פון דער מאַמע;
איר בלוי פון דער שויב, דעם אומעט פון גאָט —
און האָסט די ווייַטע היים אַ יונג פאַרלאָזט.
ביסט געקומען מיט שטיקלעך חומש, שטיקלעך נביאים;
מיט עפּעס פון „בראשית", מיט עפּעס פון „דברים".
אַלע ווינטער ביסטו פון „ויצא" אַרוים קיין חרן
און נישט דורך זאַמד — דורך שניי און דורך שטערן;
אין פראָסט געגאַנגען מיט אַ פאַרקאָפּטשעטן לאַמטערן.
ס'חיות איז אַרוים ביז מ'האָט זיך געזען אין מאַרק,
שפּעטער האָט אַ שלאָג-געטאָן שיפס זילבערוואַרג;
די געפּרווירענע ביימער אויף זייַן ברייטער אויסלאַג —
אָבער יעקב איז געווען אין מוח און אין בלוט,
נאָכדעם ווען ר'האָט אַוועקגעפירט זייַן גאַנצע פי,
וואָס ער האָט אויפגעזאַמלט אין פּדן-ארם
צו גיין צו זייַן פאָטער יצחק קיין כנען.

ווי משה וואָס איז פון מצרים קיין מדין אַנטלאָפן,
ווײַל ער האָט אַ מצרי אין זאַמד דערשלאָגן,
ביסטו, סאַנע, פון פוילנס אימהדיקן גוי אַוועק.
אין די סוף זומערן ביסטו אַרוים פון „דברים״
מיט אַלע פלינקע פײַערדיקע יונגען פון די חדרים
אויף די פאַרגעלטע בערג פון די ריישער פלוינען,
שלאָגן סיחון, דעם מלך פון אמורי,
עוג דעם מלך פון בשן,
און ביסט דערנאָך אַרײַן אין לאַנד פון דעם כנעני,
העט צום לבנון ביז דעם גרויסן טײַך פרת,
זען דאָס לאַנד, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו דיר;
אײַננעמען דאָס לאַנד פאַר די דורות נאָך מיר!

קמו.

אין ארץ־ישׂראל זענען אַלע חדר־מעשׂיות פֿאַראַן.
אַ קילע בענקשאַפֿט ציט פֿון דער ערד פֿון הר־כּנען —
ל״ג־בעומר גייען ייִנגלעך צו דער לעגענדע: מירון —
פֿון הינטערן פֿרישן הר־עצמון,
הייבט זיך אַרויס די ערשטע זון.

אָבער פֿון אַלץ גייט דיר נאָך דער היימישער „ויחי״;
דער רויטער רבי מיטן טרויעריקן ניגון פֿון „ואני״:
„און איך, אַז איך בין געקומען פֿון פּדן,
איז מיר געשטאָרבן רחל אין לאַנד כּנען
אויפֿן וועג קיין אפֿרת, וואָס איז בית־לחם״..

ווען די מאַמע האָט די אומעטיקע שטיקלעך געלייענט,
האָט אפֿילו ס׳פֿאַרגעלטע טײַטש־חומש דערבײַ געוויינט:
„דער גאָט וואָס איז געווען מײַן פּאַסטעך
פֿון זינט איך לעב ביזן הײַנטיקן טאָג;
דער מלאך, וואָס האָט באַהיט פֿון אַלדאָס בייז,
ער זאָל בענטשן די ייִנגלעך פֿון יעקב
זיי זאָלן זיך מערן אויף דער ערד לרוב״.

קמז.

פֿון גאַנצן „ויחי״, פֿון די צוויי גראַצער נאַפֿט־געלט
און פֿון אַלע גרויסע קלוגע שטעט אין דער וועלט,

איז מיר עד־היום פֿאַרבליבן דער וועג קיין אפרת.
איך בין די שטרעקע לאַנד קיין בית־לחם
געגאַנגען בײַנאַכט מיטן אויסגעשטערנטן שניי;
אַ יינגל זיך געגליטשט אַהין אויף פּאָדקאָוועס צוויי
צו דער לאַנגער באַלדעכאָווקע באַרג אַראָפּ;
דער פראָסט, דאָס פּנים האָט געהיצט דערפֿון.

שמעון! היט דעם לאַמטערן, היט דאָס חומש.
די געקאָוועטע שטיוול ווילן כאַפּן אַ גליטש.
זע, דער ווינט זאָל נישט צעבלאָזן בית־לחם;
נישט יריחו, נישט חברון, נישט שכם —
איך לאָז זיך אַוועק אין זיבעטן חלום
נאָכיאָגן דעם קלינגענדיקן פּיאַקער־שליטן
איבערן מאַרק העט, אפשר קיין גושן
און גיין צו יוספֿן אין לאַנד מצרים.

דערווײַל קלאַפּט דאָס האַרץ פֿון שרעק בײַם יינגל.
ער האָט מורא פֿאַר דער באָבע, פֿאַר דער גאַנצער שטוב;
אין ווינטערדיקע שטותים לייגט ער דעם מוח אַרײַן;
די שיינע סדרה פֿון יוספֿן אפילו נישט געחזרט —
פֿרעג נישט!
ס'האַרץ בײַם יינגל איז געווען שווערער פֿון דער טיר,
וואָס זבולון האָט מיט אַ רויטן פּאַטש געעפֿנט פֿאַר מיר.

טאַקע הײַנט אין „ויחי" האָב איך שיין געלערנט,
אַז זבולון וועט וווינען בײַם באָרטן פֿון ימען;
אַז ר'וועט זײַן אַ באָרטן פֿאַר שיפֿן;
אַ לענד איבער צידון.

און דאָ קומט אַ יינגל מיטן צעפּלאַמטן פּראָסט.
נישט ער שרעקט זיך פֿאַר שדים, נישט פֿאַר רוחות,

נאָר פאַרן זעקסטן זון פון יעקבס קינדער —
פאַרן פעטער זבולון.

דערפאַר אפשר האָט ער מיך איבער ימען געשיקט.
פון זײַן פרומער שרעק בין איך אַוועק...
ער איז צו מיר אַ באָרטן פּאָר שיפן געוועזן
און איך האָב אים תמיד אין מײַן וועג געזען.
צוליב אים
בין איך אַלע זומער צום זעלבן פּרק געגאַנגען,
דערנאָך — צו דער בריק ווו ס'פאָרן שבת אָפּ באַנען.
מיט אַ לוסט אויף יענע ציגער זיך צו טראָגן,
האָט דאָס האַרץ צו וואַנדערן גענומען שלאָגן.
די פאַרוואַקסענע שטרעקעס פון הויכן גראָז,
האָבן אויסגעזען, ווי דער וועג קיין אפרת —
שפּעטער האָב איך זיך צו זבולונס שבת
טרויעריק אומגעקערט.

קמח.

דעמאָלט, נאָכן פּרק,
האָט מיך גאָרנישט געמאַכט אַזוי אומעטיק,
ווי חנהלע מיטן „נחלת צבי", מיטן „משלי־יעקב"
שבת פאַרנאַכט פון פּרשת „צו".
איטלעכעס מאָל האָט גאָט גערעדט צו משהן;
איינמאָל וועגן דעם קרבן פון אהרן און זײַנע זין,
צי סתם עפּעס משהן באַפוילן אויפן באַרג־סיני.
חנהלע האָט אַלץ פאַרטײַטשט מיט אַ נס פון אַ באַרג;
מיט משיח, וואָס ווען ער וועט קומען,
וועלן אַלע מתים צוריק אויפשטיין
און אַלע וועלן קיין ירושלים גיין, אָמן!
— — — — — — — —

נאָר איך האָב שוין מער נישט געקאָנט זיין טרויעריק,
האָב איך חנהלען אַליין אין דער בלויער טונקל געלאָזט
מיט גאָט —
און בין צו שלש-סעודות אַוועק צו ר' מנשהלע וואַצקיר,
אויף דער „פֿאַנסקע" האָט יונג געקלונגען דער שפּאַציר.

איצט, אויפֿן אמתן וועג קיין אפרת,
פֿיל איך יענעם שווערן ווינטערדיקן שבת.
פֿיר מיך, כּאַסקל, צו יענער מוטער רחל!
איך קום פֿון פֿדן ריישע ופֿדן ניו-יאָרק —
אָ, קוק נישט, וואָס מיין קאָפּ איז גראָ;
יענער „ואני" איז אין מיר תמיד דאָ.
דער חילוק איז בלויז
וואָס דו האָסט אַהערגעצויגן באַלד נאָך „ואני"
מיט אַ בינטל האָר געדיכט און ברונעט,
און איך בין געקומען פֿון פֿאַרעלטערטע שטעט.
וואָר, כ'האָב זיך נישט געלערנט מיט אַ רעוואָלווער
היטן פֿאַר די לויערנדיקע בערג פֿון יהודה,
ווו ס'איז פֿאַר יעקבן געווען אַ תחום-שבת
קיין בית-לחם.

קמט.

דאָס יינגל פֿון פֿדן שטערנט אַרויס פֿון דאַנען.
דער וועג איז עלטער פֿון יענע שטרעקעס באַנען;
ר'איז געל נאָך פֿון עבדים-היינום ליים.
און די געבאַקענע זון?
אָ, דאָס איז דאָס דאַזיקע אָרעמע ברויט
פֿון פּסחדיקן ליכט, פּסחדיקן האָפֿער.
מ'גייט דאָ אַמאָל מיט טרערן, אַמאָל מיט געזאַנג

דורך דעם פּאַרוויינטן רויט פון דער הגדה;
דורך מה ביקש לבן-הארמי לעשות ליעקב;
דורך דער מעשה פון כמה מעלות טובות;
דורך אַלע ביטערע קרײַטעכצער פון מצרים
ביז מען דערשלאָגט זיך צו ירושלים.

יוסף אויפן שטאָלצן מאַרמאָר האָט פּותר געווען חלומות —
און מיך האָבן אַלע פּאַרצײַטישע „מענטשלעך" פאַרחלומט
בײַ אַלע טרויעריקע זאָגעכצן פון גאָטס באַשאַף.
צי דאָס זענען געווען האַלבע קעמלען אין זאַמד,
צי אברם האָט נאָכגעיאָגט דעם מלך כדרלעומרן,
אָדער יצחק האָט אין בלינדקײַט געבענטשט יעקבן.
כ'בין דעמאָלט אפילו נאָכגעגאַנגען אברהם ושׂרהן,
ווען זיי זענען פון לאַנד געגאַנגען מיט זייערע פּי.

און איצט?
איצט גיי איך ווידער אַמאָל אין „רות"
פון בית לחם יהודה,
אויפצוהאַלטן זיך אין פעלד פון מואב.
עס לאָקט מיך נאָך אַלץ צו יענע רות ונעמי!
ס'קומט מיר אַקעגן דאָס גאָלד פון זייערע באָרוועסע פּיס;
די לופטיקע זון פון זייערע אָפּגעגאָסענע האָר;
דער בלאָנד פון זייערע אויפגעקליבענע זאַנגען,
ווען איך בין זיי יינגלווייז נאָכגעגאַנגען
ביזן אָנהייב פון גערשטן-שניט.

קנ.

אין שפּעטן חודש שבט בײַנאַכט,
ווען דער פראָסט איז געווען בלאָ;
דער לעצטער שניי האָט געלויכטן ווי גלאָז,

בין איך פון אויפגעלויכטענעם חומש געגאַנגען
מיט די לעצטע צייכנס פון די פּים אין שניי
און זיך געטרייסט מיטן בלאָזנדיקן מערץ-אַפּריל ;
אויפן סוף פון ווינטערדיקן זמן געבעטן שטיל.

כ׳האָב דערוויַיל אין חלום געלאָזט
דאָס הייסע זייַד פון ראש חודש בענטשן ;
די יינגלעך, וואָס האָבן אום שבת זיך געגליטשט ;
די פעטערס, וואָס זענען אַלעמאָל געגאַנגען אויף קידוש
נאָך אויפגעבלאָזענע אייער-קיכלעך און פעטע פיש.

כ׳האָב דערוויַיל אין חלום געלאָזט
די היציקע ראיות פון די מאַנסבילן שבתצונאַכטס.
דאָס אַש פון זייערע קובאַ-ציגאַרן האָט זיך געבראָכן,
ווען עפּעס אַ דערשראָקענער חתן האָט בקול-רם
גענומען תורה זאָגן צו דער פולער וואָך.

דאָס האָב איך דערוויַיל אין חלום געלאָזט
און בין מיטן סוכותדיקן „קהלת" אַוועק
צום בלאָזנדיקן ווינט העט קיין דרום,
ווו אַלע שרייַענדיקע טייַכן שווימען —
זוכן דאָרט אַלע זייַנע קלוגע זאַכן ;
ווען צו זיין טרויעריק, ווען האָפערדיק.
און דאָס איז געווען אונטער יענע הימלען,
ווו קהלת האָט געקיניגט איבער ישראל
אין ירושלים.

קנא.

אַזוי גייט מיר נאָך די אַלטע חדר-ערד.
כ׳האָב זי מיטגענומען אויף די יינגלישע שיף
און זי מיטגעפירט אין אַלע גרויסע שטעט ;

איבער לענדער, ימען, באַנען און שיפֿן. —
כ׳האָב געזונגען מיט אַלע פֿלאַטערדיקע יונגען
„ביי ציון, איר פֿאָן, ביי איר הייליקער ערד",
אַז כ׳וועל זי תמיד געדענקען, נאָך איר בענקען
פֿון יענעם יונגן טאָג אָן.

האָסט מיך נישט גענאַרט, לאַנד כנען,
ווי דו האָסט נישט גענאַרט
די גייענדיקע ייִדן פֿון קנעכטישן פֿלאַם
דורכן געשפּאָלטענעם ים —
און איך האָב דאָ זייערע ערטער, די היילן געזען;
די אור־שפּורן פֿון דעמאָלטיקן מדבר אָן;
דער ווײַטער וועג פֿון יהושע בן־נון
מיטן האַלבן הימל, ווו ר׳האָט אָפּגעשטעלט די זון
פֿאַר די אויגן פֿון די קינדער פֿון ישׂראל:
„שטיי שטיל, זון, אין גבעון;
לבנה, אין טאָל פֿון אילון!".

און איך בין געבליבן שטיין אויף דער אַלטער ערד.
אין וועמעס זכות איז מיר אַזעלכעס באַשערט?
אפֿשר אין פֿעטער ברוכס, וואָס ליגט אין צפֿת;
אין פֿעטער משהס, וואָס איז צופֿוס אַוועק קיין סאַנדז;
אין חנהלעס אויסגעוויינטע לעבן אויף ארץ־ישׂראל;
אין די ליכטיקע זיידעס, וואָס זענען פֿאַרפֿלאַמט;
פֿאַר זייער גאַנצער ירושה, וואָס כ׳טראָג אין מיר;
וואָס כ׳האָב פֿון פּוילישן פּחד געבראַכט אַהער.
דעם גאַנצן פֿאַרכט פֿאַר דיר, ערד כנען,
האָט מען אין אַ דין ייִנגל אַרײַנגעלייגט.
אויף זײַנע פּיאות האָבן שקצים געלויערט;
צו דער טומאה האָט ער צוויי פֿײַגן פֿאַרביסן.
אין „טשעטשעגאָ מאַיאַ" האָט די מורא געבליט
אָנצושרײַבן דערפֿון דאָס דאָזיקע ליד!

אַז האָסט מיך יאָ געפירט אַהער, ארץ־ישׂראל,
איז אַ לויב דעם טרויער, דאָס ליכט פון אַמאָל.
די בערג, די טאָלן זענען דאָ —
די שנירלעך כנרת זענען דאָ —
און די שטערן זענען ערגעץ בײַ גאָט
ווי דעמאָלט, ווען כ׳האָב ריישע פאַרלאָזט.
אַזוי האָב איך זיך אינעם לאַנד געפונען:
איך האָב דאָס געצעלט מײַנס אַהערגעבראַכט;
עס אויפגעשטעלט מיט די אושפיזין, מיטן סכך;
אַ ווײַן־אָרט אויפגעשלאָגן איבער נאַכט;
די ברכה לישב בסוכה אויפן קול געמאַכט.
און שיין איז דאָס געצעלט, דער הימל, דער בלוי;
די שפּרינגענדיקע שאַקאַלן מיטן פאַרגלאָזטן גרוי;
די אָפּגעקראַכענע שעפּסן נאָך די פײַפלדיקע פאַסטעכער,
וואָס גייען באַרגיק אַהיים פון גרינעם פאַרנאַכט
מיטן ביסל גרויען טרויער פון מיר. —
אַ יִינגליש לעבן האָב איך געבענקט נאָך דעם:
נאָך אַזאַ ווייכקײַט, נאָך אַזאַ שטילקײַט —
ממש דאָס ליכט פון די שטערן צו הערן
איבער די בערג מיט די פעסטונג־נעמען
פון די צײַטן פון די קריגערישע מלכים.

והאָ ראיה —
הערסט ממש די רייד פון ישעיה:
— דורך דײַנע קנעכט האָסטו געלעסטערט גאָט
און געזאָגט: מיט מיינע אומצאָליקע רײַטוועגן,
בין איך צו דער הויך פון די בערג אַרויף;
צו די לויערנדיקע ווינקלען פון לבנון —
און אָפּגעהאַקט זייערע הויכע צעדערן;
זײַנע געקליבענע געלע ציטרוס־ביימער,

און מיט מײַנע פּיס אױסגעטריקנט
די טײַכן פֿון מצרים.

קנג.

און עס דאַכט זיך מיר טאַקע,
אַז ס׳יאָגן מיך נאָך אַלץ די מצריים פֿון „בשלח״
פֿון דעמאָלט אָן,
ווען כ׳בין אַ ייִנגל נאָכגעגאַנגען דעם טאַטן
פֿון לאַנד מצרים
און פֿון שרעק פֿאַר פּרעהס רײַטוועגן,
פֿאַרלוירן דעם וועג פֿון מדבר בײַם ים־סוף.

ווען נישט „אָז־ישיר״,
וואָס האָט העל געקלונגען אין פּראָסטיקן שבת
פֿון אַלע ריישער קלויזן, פֿון אַלע הייסע ייִדן,
אַז פֿעלקער האָבן געהערט, האָבן געציטערט;
אָן אימה איז באַפֿאַלן די וווינער פֿון פּוילן
דורך דער גרויסקייט פֿון דײַן אָרעם, גאָט,
אַז זיי זענען ווי אַ שטיין שטיל געוואָרן —
דעמאָלט בין איך דעם ים אַריבער בשלום!

און דאָ האָב איך אין אַלץ זיך אױפֿגעזוכט
און מײַנע אייגענע שבטים דאָ דערקענט.
די שלאַכט פֿון מעבדות־לחרות האָט דאָ געברענט!
אָבער די בערגלעך־ייִנגלעך, גאָט, זענען אונדזערע —
אָבער די בערגלעך־מיידלעך, גאָט, זענען אונדזערע —
אָ, שפֿוך חמתך אל הגוים!
די יונגע חלבנע ליכטלעך בײַ זייער צוקאָפּנס,
זענען די זין פֿון דער מאַמעס טרערן,
עדות איז דער טרויער פֿון די שטערן,
וואָס לײַכטן איבער יענע ביטערע וועגן.

דאָ, אין שווײַגן פון די יהודה־בערג,
ווערסטו געשטאַרקט פון דודס תהילים
און הערסט ממש חנהלעס טרערן פאַלן. —
האָפּערדיק, זיכער ווערסטו בײַ זיך,
ווען גאָט געוועלטיקט אין יעקב
ביז די עקן פון דער ערד, סלה.

און שמואל איז אַראָפּ, הערט אַראָפּ
נאָך ישים ייִנגסטן זון אין בית־לחם —
און דאָס איז געווען דאָס ייִנגל דוד,
וואָס האָט זײַן פאָטערס שאָף געפּיטערט
און איז אַלע טאָג אַהיים צו דער זון
אַ פּאַסטעך, און געזונגען דערפון —
און דאָס איז נישט געווען אין חלום,
נײַערט אין דער וואָרער וואָר,
האָט אים שמואל געזאַלבט פאַרן מלך
איבער ישׂראל.

אַ האַרפע געזאַנג איז ער אַרוים צו שאולן,
זיך געגרייסט, געשטאַרקט אין מלכס אויגן:
— איך, דײַן קנעכט, וועל שלאָגן דעם פּלישתּי!
— מיר וועט געהערן דײַן רײַכטום, דײַן טאָכטער!

פון דער היץ פון מדבר איז ער אַ פּאַסטעך געקומען.
מ׳האָט אים אַוועקגענומען פון אַלע לידער, פון אַלע שאָף

און ר׳איז נאָך שמואל הנביא געגאַנגען ווי אין שלאָף.
בלויז ס׳האַרץ האָט געפילט ווי ר׳גייט אין חלום צו גאָט.

קנה.

גאַרנישט האָט דאָס יינגל דוד פאַרנומען,
אויסער דעם טרויער פון גאָטס פאַרנאַכט,
ווען ר׳איז אַוועק צום לעבעדיקן באַשאַף.
די הערונג פון רו האָט געזונגען צו אים
אין די טעג פון זונען, אין די נעכט פון שטערן.
דעמאָלט איז אַריין אין אים די זעונג פון ווערן.
ער האָט שעפּסן פון פאַרביסענע לייבן אָפּגעריסן;
מיט די בלויזע הענט זיי דערשלאָגן, געטייט —
וועלכער פּלישתי וועט אַזאַ כוח זיך שטעלן אַקעגן?

דוד —
און ער וועט דאָס אַלץ דערציילן שאולן דעם האַר.
דוד —
אַ מלך וויל בלויז דאָס געזאַנג פון אַ הויף-נאַר.
דוד —
דיין דרייסט, דיין חכמה פון גבורה, פון שווערד,
באַהאַלט פאַרן געראַנגל נאָך דעם שונאס ערד!

שפּעטער, ביסטו, דוד, געוואָרן זייער שטאַרק.
ביסט אָן פּאַנצער, אָן קיווער, אָן שווערד,
אַרויס אָנגעגורטן מיט אַ טאָרבע שטיינער;
צום פּלישתי געגנעט אין ערשטן געפּעכט
נישט מיט כלי-זין — נייערט מיט בטחון,
האָט גאָט דעם שונא געגעבן אין דיינע הענט.

איצט גיי איך אום אין דוד המלכס גיטער
היימיש, ווי די באָבע חנהלע אין זײַן תהילים,
וואָס האָט ס׳לעבן אַרײַנגעוויינט אין יענע בלעטער
נישט פֿאַר זיך — פֿאַר די געצונדענע ליכט,
וואָס האָבן טאָג און נאַכט ווי שמאַלץ געטריפֿט
נאָך פֿרעמדע יאָרצײַטן, נאָך חולאים, נאָך מתים.
בעט, חנהלע, רײַס־אויף דאָס אָרון־קודש —
דײַן קול איז צו גאָט, ווען דו שרייסט;
דײַן קול איז צו אים פֿאַר יענעמס נויט!

אין שלם איז זיין הויז;
זיין געצעלט אין ציון.

און דודס קבר
איז אויפֿן הר־ציון.
אויפֿן סאַמע באַרג־שפּיץ
פֿלאַטערן זיי, די לײַוונטענע סימנים
פֿון די צוועלף שבטים.
אַן אייביקע שאַלונג פֿון שופֿר
האָט זיי דאָ אויפֿגעזאַמלט פֿון עקן ערד —
און מ׳גייט נאָך אַלץ פֿון אַלע ימען אַהער;
פֿון יִדישע לשונות, פֿון יִדישע חלומות.
אַן עולה־רגל פֿון תהילים צום תהילים
אין חסידישע בגדים, אין אַטלאַסענע געזאַנגען
מיט סױבלנע קאַלפּיקעס, מיט שטאַלצע שטרײַמלעך.

אָ, איר תימנער, איר גלאַנציקע זונען!
ווי פֿון דברי־הימים איז אײַער קומען.
ווי די איינטיילונג פֿון די קינדער פֿון די לוויִם,

שפּילט איר אויף אײַערע פּאַסטעך־פּלייטן אַ לויב
צו דער ערד, צו דעם שטויב,
וואָס פירט אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ
צו דוד המלכּס אייביקן הייל.
די היץ פון ליכט, דאָס געשריי פון געוויין,
גייט גלײַך צו גאָט.

קנז.

מ׳קערט זיך אום פון דוד המלכּס גיטער
מיט סגולות, שטיינדלעך, מיט רויטע אויגן;
מיט עפּעס אַ ליכטיקן כּוח פון גלויבן —
און ס׳גליִען די בערג אַרום, די טאָלן.
ווי דעמאָלט,
הערסטו דודס האַרף קלינגען פאַר שאולן.
מיט אַן אייזל ברויט, מיט אַ לאָגל ווײַן,
זעסטו אים פון בית־לחם יהודה גיין
פון שמואלן, פון פאָטער אַ געשיקטער.
גאָט איז ביי זײַן האַנט געווען,
ווען ר׳האָט דעם פּלישתּי געטייט.

אויפן הר־ציון האָב איך זיי ווידער געזען.
ווי פּאַסטעכער פלעגן זיי קיין ריישע קומען
פון דוד המלכּס גיטער, פון זײַנע זונען.
הויכע, דאַרע, אין געבלימטע דינע כאַלאַטן,
זענען זיי מיט זעקלעך תּהילים אַראָפּגעקומען
צו די טונקעלע קלויזן, צו די ברייטע מדרשים.
פאַר זייערע בערד האָבן יינגלעך זיך געשראָקן.
רק זיי האָבן צו זיך גערעדט:
„ווויל איז צו אונדז,

וואָס זיצן אין דײַן הויז.
תמיד וועלן מיר דיך לויבן".

קנח.

דוד —
ביסט דער וואָס האָט אַרויסגעפירט;
אַרײַנגעפירט ישׂראל אין דײַנע גיטער.
אדוני אונדזער גאָט איז געווען דײַן היטער.
איצט, מיט דײַן תהילים, מיט דײַן מזמור,
זינג איך אויס חנהלעס גרויס געוויין,
וואָס דורות האָבן עס געבראַכט פון דאַנען,
ווען ביסט דערמיט אין כנען געשטאַנען
און עס געזאָגט צו גאָט ברוך הוא
אין דער באַשאַפענער רו.
דאָס האַרץ, די רייד זענען געווען דו.
אַ באַרוועסער, אין פעל פון לעמפערטן,
ביסטו אומגעגאַנגען צווישן געוויקסן;
אַזוי רוי, אַזוי בלוי ווי בראשית, —
אַרויפגעשיקט דעם לויב פון דער ערד.

מ'טוט גרויסן דײַנע מעשים, דײַנע רייד —
און גרינג ווערט דאָס באַשווערטע האַרץ
פון דײַן געזאַנג, דוד, פון דײַן קלאָגן.
באַהיט מיך באַשעפער פון בייזע געפאַרן;
פון די וואָס ווילן מיך פאַרלענדן, פאַרציקן;
פון די וואָס ווילן כ'זאָל זיך פאַר זיי בוקן.
אָ, פאַרהאַרטעווע זייערע גיפטיקע שטרויכלונגען
און לאָז אונדז זיצן אין דײַן הויז, גאָט!
מיט דער תפילה בלויז, נישט מיט שווערד,
לאָז מיך אַ זיכערער שטיין אויף דײַן ערד!

מער ווי דאָס האָט ר׳ הערש יעקב נישט געוואָלט.
יאָ, נאָך עפּעס — אַ טרער, עטלעכע חלבנע ליכט;
תעניתים אין די טעג פון קריאת התורה —
און אַזוי האָט ער געוויקט אין קלויז;
געלאָזט אַלע ליכטיקע זונען אין דרויסן
מיטן גאַנצן האַנדל־וואַנדל פון יאַרידן,
צוליב אַ היים קאַפּיטל תהילים.
זיין „מזמור לדוד" איז מיר נאָכגעגאַנגען תמיד,
אפילו דאָ ביים אוהל דוד.

מער ווי דאָס האָט די באָבע חנהלע נישט געוואָלט.
יאָ, נאָך עפּעס — אַ טרער, עטלעכע חלבנע ליכט;
תעניתים אין די טעג פון קריאת התורה —
און אַזוי האָט זי געוויקט אין קלויז;
געלאָזט אַלע ליכטיקע זונען אין דרויסן
מיטן גאַנצן האַנדל־וואַנדל פון יאַרידן,
צוליב אַ היים קאַפּיטל תהילים.
איר „מזמור לדוד" איז מיר נאָכגעגאַנגען תמיד,
אפילו דאָ ביים אוהל דוד.

דיין לוסט, דוד, האָט געשטאַרקט אונדזער דויער.
האָסט מיט דיין קראַפט זיך געשטעלט ווי אַ מויער,
אפילו קעגן ביטערן צאָרן פון עמון און מואב —
און דיין מלכות אויסגעשפּרייט ביז דמשק,
און העט וויַיטער נאָך — אין אונדזערע ספרים.
איך, דאָס יינגל, בין געקומען פון יענעם חלום,
דורך „ריישע", דורך „אַמעריקע", אָהער קיין ציון
און די וואָר פון דיינע גיטער, דוד, דאָ דערקענט.

קס.

רק בערג, רק טאָלן —
רעשטלעך גיטער פון דוד און שאולן.
פון „שופטים” און פון „שמואל”
זענען זיי אין אונדזערע יינגלעך פאַרבליבן
נאָך פון דורות זומערדיקע פאַרנאַכטן,
ווען מ'איז באָרוועס קעגן די פּוילישע פלישתים
מיט שטיינער אַרויס האַלטן שלאַכטן.
פון ריישע אוים האָבן מיר געוואָלט ארץ־ישׂראל;
די בערג פון שומרון, די טאָלן פון עמק־יזרעאל.
אָ, שיין זענט איר, דודם בלויע ווײַטן;
ליכטיק די טעכטער, די זין אין זיי.
אַזויפיל פעלדזן קלינגען אין די נעכט,
ווען ס'זינגען די פײַערן פון דײַנע שטעט
דעם בורא פרי העץ
צום גאָלד־שניט פון דײַנע ציטרום־גיטער.
איבער יעדן פרדס העלט אַ שטיק הימל
פון די פײַערלעך, טענץ און קרענץ —
הענט שליסן זיך אין פליישיקע קייטן.
די היץ פון די פים, פון די לידער,
שפּרינגט אין דער האָפערדיקער הויך.
זיי גליִען ווי די שטערן וואָס איבער זיי;
בריִען ווי דער שטויב וואָס אונטער זיי.

קסא.

און ווו איז סאַנע? — יאָ, ער איז דאָ;
ר'איז טרײַ דעם קיבוץ ביזן גראָ.
ער האָט ריישע געלאָזט פאַר ארץ־ישׂראל;
שוואַרצע, ביטערע בריוו צו חברים געשריבן,

דער חדר האָט אים צום קיבוץ געטריבן.
וואָלט ס׳יינגל מיט אים איבערן ים אַוועק
ווי ער בײַם חלום זיך געוואָלט האַלטן,
וואָלט ער, ווי סאָנע, זיך איצט געגרייסט
מיט די פּלאַנצן, מיט די פעלדער פון ציון;
מיט דער גבורה, וואָס איז געווען דער היטער
איבער דוד המלכס גיטער.

ווער ס׳האָט אין די שטעט דאָ געלעבט,
סאָנע האָט דודס ווײַנגיטער געפּלעגט;
באַוואָסערט מיט שאָטן, מיט זון ביי טאָג,
מיט קילקייט פון שטערן און טוי — בײַנאַכט.
ווען ס׳יינגל האָט בײַם האָדסאָן געחלומט,
האָט ער אונדזער ווײַנגאָרטן געהיטן,
פון אַ טורעמל־שרעק אויסגעקוקט יעדן העק
פון לאַנד בנימין, פון אַרום ירושלים,
פון די אויפגעשפּיצטע שטעט פון יהודה --
פון די געבערג, אויסגעשפּרייטע טאָלן,
ביז די זילבערנע ימען וואָס אַרום זיי.

סאָנעס הארץ איז ווי דודס געווען וואַך
צום מינדסטן שאָרך, צום מינדסטן האָרך,
ביז ער האָט ווי דוד געשלאָגן גליתן;
עס דערציילט אין די גאַסן פון רמה,
די טעכטער פון ישׂראל זאָלן זיך פרייען.

קסב.

ווען נישט דער הויכער ר׳ יאָסל מלמד,
וואָס האָט בײַ „שמואל״ אויף אונדז געצאָרנט
מיט אַזאַ בייזקייט ווי שאול אויף דודן —
וואָלטן מיר אויפן וועג פון חדר אַהיים

די לויערנדיקע פלישתים נישט בייגעקומען.
פאַרשטעקט אין די פעלדער פון פאַרנאַכט,
זענען זיי אין די הויכע זאַנגען געלעגן
און זיך געיאָגט נאָך אונדזערע צוויי פּיאות.
נישט ר׳ יאָסל — דוד האָט אונדז געלערנט
אָנגורטן מיט געשייַלטע הילצערנע שווערדן;
מיט שטיינער זיך שטעלן יאָזעקן אַקעגן.
זואָר, מיר האָבן שנירלעך בלוט אַהיימגעבראַכט;
זיך געוואָרפן פון ווייטיק אין חלום בייַנאַכט,
מיר האָבן אָבער געוווּנען די פאַרנאַכטיקע שלאַכט.

פון דעמאָלט האָבן די יונגען איבער ישׂראל געוואַכט.
ס׳איז נאָך געווען אַ „יענע זייַט" ירושלים
און אַלע שטעט פון יענעם פלאַכלאַנד
מיט די נחלות פון די קינדער פון די שבטים.
דערצו זענען זיי אַרוים פון די שטיבער;
זיך געוואַלגערט אין ביטערע פרעמדע גיטער —
דאָס בלוט האָט געצויגן מיטן זיידנס אויגן
פונעם טרויער צום טויער — ירושלים.

אָ, איר זין, טעכטער פון אונדזערע סידורים!
געטריַי זייַן דודס ערד זענט איר געקומען.
דאָ וועט איר געבערן, וועט איר זיך מערן
און ווי דוד קיניגן איבער ירושלים,
איבער אַלע אונדזערע שטעט פון חומש.
די אייזלען שטייען געלאָדנט מיט ברויטן,
מיט בינטלעך ראָזשינקעס, מיט אויבסן
פאַר אייך, שטאָלצע יונגען, צום עסן.
ס׳איז אונדזערע געמאַרקן וואָס ביי זיי,
אין אונדזערע טויערן וועלן מיר אַרייַן,
ווי עס האָט געבאָטן אדוני אונדזער גאָט!

אַ געזאַנג אײַך, העלע זין און טעכטער.
אַ לויב אײַך, היטער פון דוד המלכס גיטער,
פון זײַנע ציטרוסן, פון זײַנע פּאַסטעכער,
פאַר דער שאָפּענער רו פון זײַנע בערג,
פאַר דער גרינער שטילקייט פון די טאָלן.
אײַער קראַפט פון בלוט רוט אויף זיי —
און איבער אײַך — בין איך דאָ
אין חנהלעס מזמור־לדודיקער שעה,
ווען זי האָט געטרערט און געוויינט:
„גאָט, ווער קאָן ווינען אין דײַן געצעלט?
ווער קאָן רוען אויף דײַן הייליקן באַרג?
דער וואָס טוט ערלעך זײַן גערעכטיקייט"...

אַ געזאַנג אײַך, היטער
פון דוד המלכס גיטער!

פון טרויער צום טויער — ירושלים,
קום איך צו דיר, געהייליקטע שטאָט!
מ׳האָט דיך אויסגעדאַוונט און אויסגעוויינט
אין אונדזערע קלויזן, אין אונדזערע טרערן,
אין געלע סידורים, אין לאַנגע פּאַרמעטן.
אין טליתים האָט מען דיך אײַנגעוועבט,
אין שטילע שמונה־עשׂרהס דיך אײַנגעשוויגן.
די הענט פֿאַר די בענטש־ליכט שטאַרקסטו,
פון דער מאַמעס שטערנטיכל שטראַלסטו,
ווערסט אונדזער גאַנצער שבת, ירושלים,
אונדזער גאַנצער גאָט פון אברהם...

איך גענען צו דיר — ירושלים,
מיט דער גענענונג פונעם יינגל צו „ויקרא״,
אין טלית פון אלף־בית פאַרוויקלט —
און ברענג דיר דעם אויסגעדויערטן האָפער
אין זכות פון אויסגעטרערטן טרויער,
וואָס כ׳האָב אויפגעהיטן, אויסגעטראָגן
דורך אַלע פלאַמען, לענדער און ימען,
אומצוקערן זיך גאַנץ אין דודס שטאָט.

און נישט נאָר דאָס —
איך האָב די טאָרבע גלות פאַרוואָרפן
פאַרן ובנה־ירושלים אין אונדזערע טעג.

ס'אָרט אויף יענעם בלאַט איז אויסגעווייקט
פון רויטע אויגן, פון דורות טרערן;
פון לײַטזעליקן אונדזערע פרעמדע יאָרן
מיטן כוח, וואָס האָט מיך געטראָגן
פון טרויער צום טויער — ירושלים.

קסה.

אַז איך שטיי פאַר דײַנע געמויערטע מויערן,
פיל איך זיך ווי ס'ייִנגל פון דעמאָלט,
ווען כ'בין אַרײַן אויסגעטאָן די שיך
מיט אַן עטרה־זילבער איבערן קאָפּ;
זיך געשטעלט צום אָרון־קודש געווענדט
מיט צעטיילטע פינגער, דוכנדיקע הענט.
עפּעס פון יענעם פּחד שלאָגט אין מיר אַצינד.
פון אַלע שטעט ביסטו פאַר מיר אַנדערש, ירושלים;
אַזוי דײַנע געסלעך, די מויערן, די ייִדן אין זיי —
אונדזער גאַנצער וואָר פון חלום איז אין דיר!

שיבת ציון — אַלע קערן זיך אום צו דיר.
זיי זענען דאָ, די צוריקגעקומענע שבטים.
די וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון אשור,
בויען דיך איצט, ירושלים, פון שטיינהאַקער;
אַזוי די פון שבט לוי, שבט יהודה, שבט בנימין...
פון אַלטע ערדן זענען זיי צו דיר געקומען;
פון כינע, פּערסיע, פון געזיכטער אַ געמיש;
פון פאַרגעסענע לשונות, פון הודו ועד כוש.

פון וואַנען בין איך?
איך בין פון שבט גלות.

פון די נעכט, פון די לאַמטערנס,
פון די אויסגעשטערנטע שנייען פון „בשלח״,
וואָס האָבן געבלענדט אין די ווינטערדיקע סדרות,
ווען משה האָט אויסגעשטרעקט די האַנט איבערן ים
און די וואַסערן האָבן פאַרשוועקט די מצריִים,
זייערע ריַיטוועגן, זייער נאָכיאָגנדיקן צאָרן. —
געַיערט מיר זענען געגאַנגען אויף דער טריקעניש
דורך דער פאַנסקע, דורכן רושקאָוויעש;
אַ נאַפּט־פלעמל האָט געצויגן פאַר אונדז,
ביז מיר זענען אָנגעקומען אַהיים.

קסו.

אַזוי איז פאַרן ייִנגל געווען די ציונג.
ר׳איז פון מצרים דורך ריישע, דורך אַמעריקע,
פערציק יאָר חלום געגאַנגען קיין ירושלים.
איצט קומט ער צו דיר פון די אומות העולם,
פון יענע, וואָס דער טאַטע האָט אויף זיי געצאָרנט
אַלע פסח־ביַינאַכט ביַי יעדן וויַיסן סדר.
די אימה פון יענער אויפגעמאַכטער טיר,
ס׳געשריי פון „שפוך״ טראָגט ער נאָך אין זיך.
נעכט האָט ער מורא געהאַט פאַר יענעם שלאָס,
פאַר דער קליאַמקע, פאַרן ריגל, פאַר דער שטוב —
אַ, קער מער נישט אום צום ייִנגל יענע טיר!

שפּעטער, אין אַמעריקע,
האָט ס׳ייִנגל פאַרלוירן דעם ביטערן טעם דערפון.
ס׳איז נישט געווען מער יענער האָפער. יענע זון.
דאָס ייִדישע זילבער איז דאָ געוואָרן מאַט,
דעם ייִנגלס חלום איז געוואָרן פאַרשלאָפט.

בײַ די וואַסערן, בײַם טײַך האָדסאָן,
האָט ער די בענקשאַפֿט צו דיר אויסגעטראָגן —
שיפֿלעך האָבן שנירלעך שוים געלאָזט שווימען,
דעם ייִנגלס אויגן צום ירדן מיטגענומען.

קסז.

אין יענע טעג איז אַוועק דער שײנער טרויער
פֿון דער איסט-סאַיד צו דער שטעטלדיקער ווײַט —
און ביסט בלויז געבליבן דאָס וואָס דו ביסט:
אַן אָפּגענאַרטער פֿון דער גרויסער וועלט;
אַן אָפּגעגאָלטער, אויסגעקליידטער פּראַנט
מיט פֿאַרשלײַפֿטן זײַד אין קראַוואַטן,
רינגען און גאָלד אויף די פֿינגער —
און האָסט חברים לײַכטזיניק געביטן,
ביז האָסט דעם טאָל אין לאָנג-אײַלאַנד דערקענט;
צו צוויי בערגלעך ערד טאַטע-מאַמע געברענגט.

אין יענע טעג,
האָט זיך אָנגעהויבן ס׳ביסל גראָ אין די האָר,
ס׳ביסל גראָ אין די יאָר, אין דער וואָרער וואָר —
און האָסט, ווי דער פֿעטער ברוך, דערפֿילט,
אַוועקצוגיין נאָך הבדלה קײן צפֿת.

קסח.

איצט, ירושלים,
קום איך מיט יענע פֿאַרגעסענע טרויערן
צו דײַנע גרויע פֿרומע טויערן —
און רויש אין זיי נאָך צוויי טויזנט יאָר.

אַ יעדער שטיין האָט אַ טרער געוויין,
אַן אויג, וואָס האָט דיך געוואָלט זען
מיט גאַנצע ייִדן, מיט גאַנצע שבטים,
גאַנצע ייִנגלעך מיט גאָטס בתי־מדרשים.
פון דײַנע געסלעך קלינגט און זינגט
דאָס אײַנגעזאַמלטע געזאַנג פון ספרים,
וואָס מ׳האָט אַרויסגעפירט פון דיר,
וואָס מ׳האָט צוריקגעבראַכט צו דיר,
דעם „מזמור“, וואָס דוד האָט צעזייט,
דאָס ליכט פון ירושלים געשפּרייט.

רוף איך צו אײַך, ירושלימער ייִנגלעך!
איר זענט מיר נישט פרעמד מיט אײַערע פּנימער,
מיט אײַערע לײַבצודעקלעך, שנירלעך ציצות,
מיט אײַערע שפּרינגענדיקע דרעטלעך־פּיאות.
כ׳האָב, ווי איר, דעם שיינעם „שופטים“ געלערנט,
נאָר מײַן פּאַרנאַכט איז געווען די ריישער ערד —
מיר זענען געווען די געבליבענע פון ישׂראל,
ווען מיר זענען באַרוועסע אַרוים מלחמה האַלטן
מיט די, וואָס האָבן אונדז געיאָגט נאָכן חדר
איבער שטעכיקע ווייצן־פעלדער צום ווייסליק —
אַלע יענע האָבן זיך אויף אונדז געוואָרפן
מיט געשיילטע שטעקנס, מיט גיפטיקע הינט,
לייבוש איז פון אַ הויפן שטויב געוואָרן בלינד;
געבליבן די אַנטרונענע ירושה פון בנימין,
נישט צו ווערן אַן אָפּגעמעקטער שבט פון ישׂראל.
איבערן גאָלד פון די זאַנגען האָט געוואַכט גאָט,
ווען מיר זענען אַראָפּ העט קיין יבש־גלעד.

אָבער אײַער פּאַרנאַכט איז אין אַלט ירושלים.
נישט אין ריישע — נײַערט דאָ אויף דער ערד,

ווי אָרום אײַערע חדרים ליגט גאַנץ „שופטים״ —
יענע לופט, יענע טעג, יענע שטעט, יענע גבורים,
ווי פון גאָט איז דערנאָך געקומען שמואל
און אויפגעזוכט דאָס פּאַסטעך־ייִנגל דוד,
וואָס האָט אײַער שטאָט, ירושלימער ייִנגלעך,
אײַנגענומען מיטן צאָרן קעגן די פּלישתים.

קסט.

אויב ס׳פעלט נאָך עפּעס צום גאַנצן וואָר,
זענען עס די שטיקלעך פון צעטיילטן ירושלים —
די רעשטלעך חלום פון יענער זײַט מאַנדלבוים.
ווי די פּלישתים זאָלן יענעם טויער נישט היטן,
וועלן זיי ס׳ייִנגל אויפן הר־ציון נישט אָפּהאַלטן
אײַנצונעמען צוריק זײַנע שטיקלעך תהילים דאָרט;
דעם וועג קיין אפרת, וואָס איז בית־לחם,
דעם געלן טאָל פון דער מערת המכפּלה,
די אָפּגעקילטע טרערן פון כותל־מערבי.
ס׳איז אונדזער זון, וואָס גייט העט אַראָפּ
צום אבותדיק טאָל אין ממרא, חברון.

אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני —
פון אָרון־קודש גייט איר, אותיות, מיר נאָך,
מיט די צווייַ שפּאַרנדיקע לייבן בראַנדז.
צו יענעם מזרח האָט מען זיך געווענדט
אין שטראַליקע רגעם פון אַטלאַס און זײַד,
און געבעטן אומצוקערן זיך אַהין
דאָ, ווו כ׳בין איצט אין סאַמע פלאַטער
פון די הויכע ייִדן, בוכאַרער כאַלאַטן;

רונדע מאַמעס, ברייטע זין, פעסטע טעכטער,
וואָס לייַכטן מיטן לשון פון גמראס.

זאָלסט זיי זען אײַנגעבויגענע אין פעלד,
זאָלסט זיי זען גיין צוריק מיט בינטן גאָלד,
מיט אַלע ברכות פון דער באַשאַפענער שפע,
וועסטו לערנען קאַפּיטלעך שיר־השירים —
וואָרים ברוין זענען זיי, אָבער שיין,
די פולע בוכאַרער טעכטער פון ירושלים.
מיט לויב, מיט שאַלונג גייען זיי אַהיים;
מיט קלינגעדיקן תהילים זינגען זיי צום יה הללויה!

קע.

פון טרויער צום טויער — ירושלים, קום איך
מיט פופציק־יאָר פרעמדע ערד אויף די שיך
פון באַזונגענע ימען, לענדער, מענטשן און באַנען —
ר׳האָט אין ערגיץ אַזאַ פרום געמיש נישט געזען:
ייִדן תימנער, ייִדן אשכנזער —
ייִדן בבלער, ייִדן בוכאַרער. —
אין די טעג פון שרײַענדיקע געמאַרקן,
זיצן זיי אויף די קילע שטיינער פון שטאָט,
ליגן זיי אויף די געסלדיקע שוועלן צעוואָרפן
און וויינען, בעטן ווי צו סליחות די קלויזן.
ביי קמיעות, ביי אָפּגעשפּראָכענע מטבעות,
זעען זיי אויס ווי מעשׂהס פון פאַרמעטן,
ווי אויפגעשטאַנענע דורות פון קהלת־צײַטן.

פון לשנה הבאה... צו לשנה הבאה...
האָב איך דעם אויסגעדויערטן חלום

אין פופציק וואַסערן געלאָזט אָפּשווימען;
דורך האַרבסטן, ווינטערס צום ירדן אָנגעקומען.
דאָס יינגל האָב איך אין די פרילינגס געלאָזט;
אין די פאַרנאַכטיקע זומערס פון ריישער שטאָט
און דיר, ירושלים —
ברענג איך גראָע האָר, גראָע פופציק יאָר;
די זילבערנע טרער פון אליהוס וויַין.

קעא.

כ׳בין אין דער וועלט אַרום מיט אַ זעקעלע תפילין.
מיטגעגעבן ירושלים האָבן מיר חנהלע און זבולון.
דאָס רענצל וועש, דעם לוסט צו גרויסע שטעט,
האָב איך לאַנג פון זכרון שוין אָפּגעמעקט,
בלויז דו, דודס איינגענומענע שטאָט,
ביסט אין מיר געבליבן, ווי דאָס בלוט,
ווי דאָס האַרץ, ווי דער אָטעם, וואָס שלאָגט
דורך אַלע בענקשאַפטן אין דער פרעמד;
דורך יענע בלאָנקענדיקע נעכט אין ווין;
ס׳ביסל היימלעכקייט איז געווען אַ פיאַקער־פערד,
כ׳האָב תמיד מורא געהאַט פאַר יענער ערד —
און שפּעטער
דורך דער טונקעלער רו פון האַנאָווער סקווער;
דורכן שווייגן פון די וואַסערן אין סאוט־פערי,
ווו די זון גייט צוריק אַהיים צו גאָט
און קערט זיך אום צו דיר, ירושלים.

אַזוי האָב איך זיך אומגעקערט צו דיר,
ווען כ׳בין אין „מסעי" געגאַנגען איבערן מדבר.
נייַערט כ׳בין אוועק מיט יענע מחנות,

וואָס האָבן געצויגן צו דיר דורך אַמעריקע.
אַרויסגעפירט האָט מיך חנהלעס תהילים:
„זאָלסט גיין אין גאָטס הויז.
אונדזערע פיס שטייען
אין דײַנע טויערן, ירושלים".

קעב.

יענעם טאָג
איז אינעם ייִנגל אַרײַן דער פאַרבענקטער חלום
פון חנהלעס אויסגעטרויערטן גאַנצן תהילים —
און אַזאַ האָט זי אים באַגלייט צו דער באַן:
נישט קיין אַמעריקע — פאַר אין לאַנד כנען!
— — — — — — — — —
זע, באָבעשי, כ'האָב געטאָן וואָס האָסט באַגערט.
כ'שטיי, אין דײַן זכות, אויף ירושלימער ערד.
נאָר דאָרט, ווו דו וואָלסט איצט געטרערט,
צו יענער געקעסטלטער מויער קאָן איך נישט קומען —
דערפאַר זענען די באָבעס דאָ ענלעך צו דיר
מיט זייערע שבתים, מיט זייערע וואָכן,
מיט זייערע קלויזן און פרומע יאָכן,
מיט זייערע שטערנטיכלעך און קלוגע רייד —
ווי דו, חנהלע, טראָגן זיי אַטלאָס און זײַד,
ירושלים באַרירט דעם שלעפּ פון זייער קלייד.
יאָ, כ'האָב פאַר דיר זוכה געווען ירושלים.
דײַן ברכה איבערן טונקעלן שבת־אויבס,
דעם שטערן פון דײַן בלויער שבת־שויב,
האָב איך דאָ געטראָפן ווי בײַ דיר דעמאָלט,
ווען ביסט געווען די אומעטיקסטע באָבע;
די טרויעריקסטע שטוב, די לײַכטער;

די ווענט מיטן אָפּגעשלאָגענעם לאַמטערן,
וואָס האָט געלויכטן פון שניי מיט פּראַכטיקע שטערן.
ווי וואָלסט „גאָט פון אברהם" אַהער געבראַכט,
שיין אַזוי איז דער ירושלימער שבת־פאַרנאַכט.

קעג.

פון יענעם ריישער, פאַרחלבטן פאַרנאַכט,
ברענג איך דיר, ירושלים, דעם כתב־יד,
וואָס כ'שרײַב איצט פון דורות־טרויער.
ס'איז ס'לעצטע געוויין פון יענעם שטראַל,
וואָס מײַנע פעטערס האָבן דיך געליכטיקט
אין זייערע וואָכן, שבתים און הבדלות,
אין זייער זמירות, אין זייער שלש־סעודות.
אין אַלע זאָגעכצן האָבן זיי דיך געזוכט,
האָבן זיי צו דיר געזונגען לשם שמים;
אַלע פּסח גערופן: לשנה הבאה בירושלים!

פאַרשרײַב איך דאָ יענעם בטחונדיקן האָפער,
וואָס כ'טראָג אין מיר בירושה פונעם אַמאָל
פאַר ירושלים — פאַר גאַנץ ארץ־ישׂראל,
וואָס איז צום יינגל פון חומש־אָן וואָר.
גאָרנישט אין זײַן וועג האָט עס אָפּגעמעקט;
נישט דער גרויסער ים, נישט די פרעמדע ערד.
כ'האָב לענדער־הימלען אויסגעקוקט, לענדער־זונען —
און חנהלעס שטערן אין ירושלימער בלוי געפונען.

איז אַ געזאַנג דיר, שטאָט פון מײַן טרויער —
אַ לויב דיר, ירושלים, פאַר גאָטס היטער,
פאַרן אייביקן לאַנד פון דוד המלכם גיטער!

# אינהאַלט:


| | |
|---|---|
| | זייט |
| אין זכות פון טרערן | 7 |
| פון חלום צו וואָר | 19 |
| אַ פּאַס מזרח | 31 |
| אין יונהס באָרטן | 45 |
| דורך סדרות | 57 |
| אייגנס | 71 |
| בלויע פייערן | 85 |
| איבערן ים־סוף | 99 |
| אַ הויפן זאַלץ | 113 |
| בערגלעך טרויער | 127 |
| שטעכיקע פלאַנצן | 141 |
| טאָל — בעל־הנס | 155 |
| אזמר בצפת | 169 |
| מויער און דויער | 181 |
| אויפן וועג קיין אפרת | 193 |
| אין דוד המלכס גיטער | 203 |
| פון טרויער צום טויער | 215 |

# אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאָטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| י. לעשצינסקי | דאָס פּנים פון גלות־יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פּאַט | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון וויי און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יהושע גלבוע | אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| יחיאל האָפּער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואָרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |